Kacyzne, Alter.
Hordos: tragedye in finf aktn, nayn bilder.
[Vilna], 1926.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1881.8

**Kacyzne, Alter, 1885-1941.**
Hordos : tragedye in finf aktn, nayn bilder.
[Vilna] : B. Kletskin, 1926.
159 p. ; 21 cm.

1. Herod I, King of Judea, 73-4 B.C.--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. Lithuania-Vilnius

ID: NXYH02-B1606 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: 106189

Reduction ratio X 10.0

אַלטער קאַציזנע

# הורדוס

טראַגעדיע אין פינף אקטן

ניין בילדער



1 9 2 6

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

אַלטער קאַציזנע

# הורדוס

טראַגעדיע אין פינף אַקטן

(ניין בילדער)

1926

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין






PRINTED IN POLAND

Alter Kacyzne. «Hurdus», tragedja w 5 aktach.

Drukarnia „Wydawnictwo Wilenskie“ B. Kleckina, Wilno.

# באמערקונגען צו דער טראגעדיע „הורדוס"

אַ דראַמאַטיש ווערק איז אַ סקולפּטור אין דער צייט.

די סקולפּטור מוז באַפֿרייט ווערן פֿון דער ענגשאַפֿט פֿון שטיין־מאַסיוון.

די דראַמע — פֿון דער רחבות פֿון צייט.

ביידע געבויט לויטן פּרינציפּ פֿון קאָנדענסירטן אויסדרוק

ביי אַ דראַמע אויף אַ געשיכטליכער קאַנווע איז די צייט די גרעסטע שטערונג בייצוקומען.

אין הורדוסן האָט מיך אינטערעסירט נישט אַן עפּיזאָד פֿון זיין פֿאַמיליען־לעבן, נישט אַ באַשטימטע תּקופֿה אין זיין רעגירן, נאָר זיין אויף — און — אונטערגאַנגאַנג, זיין לעבנס־דראַמע. דאָס איז אַ פּרוב איינצוברעכן אַ גאַנצן באַרג צייט. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געזינדיקט קעגן דער געשיכטע. געזינדיקט, אָבער נישט געפֿעלשט. כ׳האָב סינטעטיש צוזאַמענגעשמאָלצן געשעהענישן, וועלכע זענען ענליך צווישן זיך, וועלכע חזרין זיך איבער און פֿירן צום זעלביקן פּועל־יוצא: באַלויכטן און דערנענטן הורדוסעס געשטאַלט. מיר איז נישט נויטיק געווען די געשיכטליכע פּינקטליכקייט, נאָר דער געשיכטליכער מהות.

חוץ דעם פּרוב איינצעברעכן אַ גרויסע שטיק צייט איז הורדוס אויסערליך געבויט, כּמעט, לויטן אַלטן גוטן שטייגער פֿון אַ קלאַסישער טראַגעדיע, מיט דעם אויסנאַם, וואָס יעדערעס פֿון די 9 בילדער איז מער סעפּאַרירט און אָפּגעשלאָסן אין זיך, כּדי נישט צו פּייניקן דעם צושויער מיט אַ צו לאַנגן אָטעם, וועלכער קאָן נאָך, חלילה, פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גענעץ.

א. ק

# ערשטער אקט

## ערשטער אויפצי

אין גליל. א קריגס־געצעלט. הורדוס ליגט אויפן געלעגער. זיין שוועסטער שלומית דעקט אים איין.

### שלומית

אַ קראַנקער מוז געדולדיק זיין, מיין ברודער
די קרענק איז ווי אַן איינגעשפּאַרטע פליג,
וואָס מער מען טרייבט זי אָפּ, אַלס מער דערעסט זי.

### הורדוס

אָ פליג, אַ בייזע פליג האָט זיך פאַרקליבן
צו מיר אין מוח, זשומעט אָן אַ ברעג.
אַליין בין איך אַ פליג געוואָרן, שוועסטער,
פאַרפּלאָנטערט אין די נעצן פון מיין רעיון.
וואָס ווילן זיי פון מיר די בייזע שאָטנס?
באַווייגען זייער שוואַרצן־וויסטן סוף.
געוואָרנט זיי: גיט אָפּ אייער כלי־זין
און גיט זיך אונטער. האָט עס דען אַ זין
צו פירן אַ פאַרצווייפלטע מלחמה
אַליין, אָן הילף, פאַרלאָזענע אויף הפקר,
אַ הייפל מענשן קעגן מיר און רוים?

### שלומית

דו רעדסט פון די פאַרטיליקטע גזלנים?
איך וואָלט מיט זיי די ליפּן נישט באַפלעקט
אַ וואָרט צו רעדן. אָפּהאַקן די קעפּ
און וואַרפן די פגרים פאַר שאַקאַלן!

### הורדוס

און איך האָב זיי געוואָרנט, ווי אַ קריגס־מאַן,
זיי צוגעזאָגט פאַרמילדערן די שטראָף
און, אפשר, צו באַגנעדיקן אין גאַנצן.
אָ, שוועסטער, גלויב, איך וואָלט זיי נישט געשוינט
ווען נישט וואָס חזקיה מיט זיין חבריה
געפינען ביי די פרושים גרויסן חן.
עס ווילט זיך דאָך נישט איינרייסן מיט זקנים.
דעריבער האָב איך מילדע רייד גערעט.

### שלומית

איך שטעל מיר פאָר די תשובה שוין באַצייטנס.

### הורדוס

דו קאָנסט עס דיר נישט פאָרשטעלן, מיין, שוועסטער.
אַרויס איז חזקיה פאַר זיין חבריה —
אַ בייזער וואָלף מיט אָנגעשפּיצטע ציין —
און האָט גענומען שיטן פעך און שוועבל:
„אַז נישט דערלעבן זאָלסטו, בייזער רוח,
פאַרקויפטער קנעכט אַדומישער פון רוים,
דאָס מיר, יהודהס זין, זאָלן דיך פאָלגן
און וואַרפן דאָס געווער צו דיינע פיס!
קוק אָן און זע די גרויסקייט פון פאַרצווייפלונג.
און זאָל ביים רשע גל־יווערן דאָס בלוט!"
די שווערד האָט ער פאַר מיר פון שייד געצויגן
און, איינעם נאָכן צווייטן, זיינע זין
גענומען שעכטן דאַן פאַר מיינע אויגן!
פאַרגעסן האָב איך, ווער איז „קנעכט פון רוים.
פאַרשאָלטענער אַדומי", כ'האָב געשריען,
געבעטן זיך, געבאָטן אים די פרייהייט.
די אויגן האָט ער אָפּגעווענט פון מיר
און אַלץ געטון זיין פינצטערע רציחה.



און דאַן האָב איך געגעבן אַ באַפעל
צו שליסן שילד אין שילד און זיי פאַרניכטן,
נישט איבערלאָזן קיינעם אויף דער וועלט.

### שלומית

און גוט האָסטו געטאָן, מיין שטאָלצער הורדוס,
מיין גרויסער העלד, מיין האָפענונג און טרייסט.
דו שטייסט אין גלאַנץ און גליל איז באַפרייט,
פון רויבערישע מחנות אויף די וועגן.

### הורדוס

איך שטיי אין גלאַנץ... דאָך ווייס איך אָבער וואויל,
די פרושים וועט נישט איינגיין מיין נצחון.
זיי וועלן שפרייטן נעצן ארום מיר.
גיי זיי אַ העלד, ווען אין יהודהס אויגן
פאַרבלייבסטו דאָך דער קנעכטישער אַדומי.

### שלומית

די אידן האָבן חוצפה קעגן שוואַכע,
נאָר קעגן שטאַרקע בויגן זיי די קעפ.

### הורדוס

די אידן האָבן חוצפה, ליבע שוועסטער?
צו בין איך דען קיין איד נישט פון געבורט?
צו טייל איך נישט מיט זיי די פרייד און ליידן?
אַ איד בין איך, אַ איד נאָר נישט דער לעצטער,
אַ איד, אָבער דער ערשטער וויל איך זיין.
איך פיל — אין מיינע לענדן זיצט אַ גבור
און קיינער וועט נישט ביישטיין קעגן מיר.
לאָז, שוועסטער, לאָז מיר גיין! אַהער מיין וואָפן!
העי, וואָפנטרעגער, גיב אַהער מיין שווערד!
מיין שילד, מיין פאַנצער! ניין איך דאַרף אים נישט,
קיין פאַנצער דאַרף איך נישט. איך בין באַשיצט.

דעם שונאס פייל פאַר מיר וועט זיך דערשרעקן;
און אָפּשפּרינגען פון בּרוסט דער האַרטער שטיין.
כ'וועל גיין אין שלאַכט און מענשן וועלן פאַלן
ווי זאַנגען אויפן פעלד. עס קראַכן קעפּ,
דעם שונאס קעפּ, ווי מילגרוימען צעדריקטע
און איך – איך גיי און שנייד, איך טרעט אויף גופים:
אַלץ העכער, הויך, צו גאָט און זיין בּאַפעל!

### שלומית

האַלט אים איין.

ווי קאָנסטו דיין געלעגער דען פאַרלאָזן?
עס בּרענט אין דיר דער פלאַם פון בייזער קרענק.
זיי רואיק הורדוס, זע, דיין שוועסטער בּעט.
און, ווילסטו – וועל איך קניען פאַר דיין בּעט.
און, ווילסטו – וועל איך האַלזן דיינע קניען...
פיר בּרידער האָט מיין מוטער מיר געשענקט
און דו בּיזט מיר דער ליבּסטער און דער בּעסטער.

### הורדוס

איך ליג שוין שטיל. נישטאָ קיין כּוח, שוועסטער.
צו וואָס האָבּ איך בּאַדאַרפט אַזוי פיל בּלוט
אַזוי פיל טייער מענשליך בּלוט פאַרגיסן?
בּיי גאָט זענען נשמות אַלע גלייך,
צו זענען גוט, צו זענען שלעכט די מענשן.
זע, שוועסטער זע, נישט מער בּין איך קיין לייבּ,
אַ שוואַכע שאָף, עס בּריען מיך די טרערן.

### שלומית

דאָס גייט אַרויס פון גוף די בּייזע קרענק,
דאָס טרערסטו אויס דיין קערפּערליכע שוואַכקייט.
אַ העלד בּיזטו, מיין בּרודער און אַ לייבּ,
ווי יענער לייבּ יוחנן חשמונאי,
וואס האָט מיט כּוח אונזער שטאַם געאידישט.



און דו וועסט נאָך נקמה נעמען, בּרודער,
פאַר אַדומס בּלוט און שאַנד. איך האָף און גלויב.

### הורדוס

אָן זיך אַליין נקמה נעמען, שוועסטער?
דאַן הער מיך אויס און נעם אין דיינע הענט
און העלף מיר טראָגן דורך דער וועלט מיין בּענקשאַפט.
אין קעניגס פאַלאַץ בּליט אַ צאַרטע רויז –
די לעצטע פון די טעכטער חשמונאים,
דער שטאָלצער קאָפּ, וואס קאָן מיט גדלות טראָגן
די מלכותדיקע קרוין. אין ווילדן גראָז
פון חשמונאים־הויז, פון בּרידער־מערדער
די איינציקע, וואָס טוט מיט רעכט דערמאָנען
דעם שטאָלצן שטאַם פון עלטער־זיידעס העלדן.

### שלומית

צו רעדסטו נישט פון מרימען, מיין בּרודער?

### הורדוס

איך רעד פון איר. בּאַהאָפטן איז אָן איר
מיין חלום און מיין האָפענונג, אָ, שוועסטער!

### שלומית

דו, בּרודער, דו! אַוועקגעשענקט דיין האַרץ
דיין העלדיש האַרץ, דער טאָכטער פון די שונאים?
זי, מרים, זי, די שׂנע, בּייזע שלאַנג
רייסט אויס בּיי מיר דעם בּרודער פון די אָרעמס!
כ'וועל דיך נישט אָפּגעבּן מיט גוטן, ניין!
כ'וועל מיינע פינגער אין דיין בּרוסט פאַרגראָבּן
און מיט די ציין זיך וועהרן קעגן איר,
און וואָס, און וואָס האָסטו אין איר דערזען
אַזוינס, וואָס מאַכט מיך קליין אין דיינע אויגן?
נישט מיך אַליין, נאָר אויך דיין ווייבּ און קינד!

מיט וואָס, אָ זאָג מיט וואָס האָט זי פאַרכישופט
מיין ברודערס האַרץ? כ׳וועל זוכן און געפינען
די קרייטעכצער צום אָפּוואַר קעגן איר.
איז דיר דיין ווייב נישט טריי? איז אַנטיפּאַטר –
דיין ברוינער זון אין דיר דען נישט געראָטן?
און, ווען פון ווייב און קינד דערווייטערט, איך
דיין טרייע דינסט, דיין שטובמיידל, דיין שוועסטער,
וואָס היט דיך אָפּ, וואָס גרייט איז מקריב זיין
סיי זיך, סיי יענעם פאַר דיין מינדסטן נאָגל,
איך גיי דיר מער נישט אָן? דו וועסט פאַרשטויסן,
פאַרשטויסן פון דיין ברוסט דיין טרייע שוועסטער?

### הורדוס

חלילה, שלומית, קיינער אין דער וועלט
וועט קיינמאָל מיר דיין ליבשאַפט נישט פאַרבייטן!
און קיינער וועט נישט אויפצווינגען מיין האַרץ
צו שליסן זיך פאַר דיר. ס׳איז אָבער אמת,
אַז פרעמד איז מיר מיין ווייב געוואָרן – דאָריס,
און אָפּגעפרעמדט מיין זון פון יענעם טאָג,
ווען איז מיין האַרץ האָט אויפגעשטורעמט מרים.

### שלומית

ווען אין דיין האַרץ האָט אויפגעשטורעמט מרים.
ווען אין דיין האַרץ האָט אויפגעשטורעמט... ווי!
ווען אין דיין האַרץ... דאַן נעם זי, ברודער, נעם זי
דאָס אייניקל פון אָפּגעלעבטן גלאַנץ,
אויף דיין געלעגער נעם זי, ברודער, שענד זי,
זויג אויס איר פראַכט און זעטיק זיך מיט איר,
יאָ, זעטיק זיך מיט איר. יאָ, זעטיק זיך!
און דאַן, געזעטיקט, כאַ־כאַ־כאַ! און דאַן
וועסטו די מויד אַרויסטרייבן אין דרויסן,
די חשמונאים טאָכטער ביי דיין שוועל,
ביי אונזער שוועל, כאַ־כאַ! און מיט אַ טאָרבע,
און מיט איר בושה – כאַ־כאַ־כאַ!



### הורדוס

פאַרשכּוּם!
עס ליגט אַ שלאַנג אין יעדער פרוי פאַרבאָרגן,
דעם מאַן צו גיפטן גרייט. נישט ריר זי אָן!
עס רויטלט מיר שוין ווידער פאַר די אויגן
און ווידער זע איך טייכן מענשליך בלוט
פון אייגענע און פרעמדע, נאָענטע, ווייטע.
אָ, גאָט מיין גאָט, ווי גרויס דער רויטער טייך איז!
האָסטו דערויף דעם מענש צו דינסט געשטעלט,
ער זאָל מיט בלוט פאַרגיסן דיין מזבח?
ער וועט עס טון דער מענש, ער וועט עס וואַגן,
ער וועט נאָך איבערשטייגן דיין פאַרלאַנג.
אַ גרויסער חוזק, פּאָטער אין די הימלען:
דו ווילסט די חיה־מענש זאָל טון דיין יושר...

### שלומית

אָ, ברודער מיינער, ס׳ברענט אין דיר אַ פלאַם,
די ווערטער דיינע שטעכן ווי די פיילן,
דיין קרענק פאַרשטאַרקט זיך!...

קומט אַריין מנחם. אַ מיטליעריקער מאַן אין גרויע
קליידער. אַ זאַק אויף די פּלייצעס.

### מנחם

מענשן, זייט געבענטשט.
דו האָסט באַוויליקט מיך צו רופן, יונגפרוי;
מנחם בין איך. גאָט האָט מיר אַנטפּלעקט
די סודות פון פאַרשידענע געוויקסן
צו לינדערן די קערפּערליכע לייד.

### שלומית

ביזטו דער גרויסער וואָרזעהער מנחם,
וואָס וואוינט פון לייטן ווייט אין די געבירג?

אויב דו ביזט עס — אַז וואויל איז צו דיין קומען!
כ'האָב וויפל מאָל געשיקט נאָך דיר שליחים,
גאָר קיינער ווייס נישט, וואו דיין וואוינאָרט איז.

### מנחם

כ'האָב קיין מאָל נישט פאַרשפעטיקט מיט מיין קומען.
איך קום, ווען מען באַדאַרף מיך און מען רופט.
מיר זאָגן אָן די גייער אויף די וועגן.
אויך איצטער, יונגפרוי, קום איך צו דער צייט
גרייט אָן אַ דרייפוס מיט צעגליטע קוילן,
אַ בעקן און אַ פייערפאַן מיט וואַסער,
כ'וועל אויפקאָכן די גראָזן צום געטראַנק —
אַ לינדערונג דעם אָפגעשוואַכטן קערפער.
נאָר נישט דער גוף אַליין איז קראַנק ביים חולה
איך זע, אַז אויך זיין גייסט איז הילפבאַדערפיק.
דעריבער, יונגפרוי, לאָז אונז דאָ אַליין,
מיך מיטן חולה, אויג אויף אויג, אָן עדות

### שלומית

צו ווייסטו, רופא, ווער דער חולה איז?
צו ווייסטו רופא, וועמען דו דערווייטערסט,
ווען דו באַפעלסט פאַרלאָזן דאָס געצעלט?

### מנחם

ביי גאָט זענען מיר גלייכע מיוחסים.
און מיין באַפעל איז פאַר זיין טובה, קינד.
אָן עדות דאַרף מען היילן די נשמה.

### הורדוס

גיי, שוועסטער, גיי, דער רופא איז גערעכט:
אָן עדות דאַרף מען היילן די נשמה.
אָ, רופא, רופא חשובער, ס'איז וואָר:
מער, ווי מיין גוף איז מיין געמיט צערודערט!



שלומית — אָפּ. מנחם בינט אויף דעם זאַק, נעמט אַרויס און צעלייגט בינטלעך געווירצן.

### מנחם

שוין פינפאונצוואַנציק יאָר איך קלייב די גראָזן,
אַזוי ווי ס'האָט פון קינדווייס מיר געלערנט
מיין מוטער די צדקניות. גאָט איז גרויס
אין חסד און אין רחמים. גיי און זוך,
דו ליידנדיקער מענש, און וועסט געפינען
אַ היילונג צו דיין קרענק. ווענד אָן דיין שכל
און מאַך דיין אויג צו זען, דיין אויער — הערן —
אַליין די טבע עפנט דאַן איר מויל,
אַנטפלעקט פאַר דיר די סודות פון רפואה.
אין גרעזער ליגט אַ וואונדערליכע קראַפט
און אין געווירץ — אַ היילונג צו די וואונדן.
דער טויטער שטיין, דער זאַלץ, די הוילע לופט,
זיי זענען פול מיט היילונג. און אַפילו
די שלאַנגען־גיפט, די טרעגערן פון טויט,
קאָן דינען צו רפואה, ווען ס'איז נויטיק.
מען דאַרף נאָר וויסן וואו און ווען צו זוכן
און געבן די רפואה אין דער צייט.
ווען מענשן וואָלטן אָנגעווענדט דעם שכל
און זוכן און געפינען די רפואות,
וואָס גאָט דער האַר האָט אָנגעברייט פאַר זיי.
וואָס ליגט ביי זייער אָרעם: קום און נעם,
וואָלט דאַן די וועלט געהאַט אַן אַנדער פּנים,
קיין רופא וואָלטן מענשן נישט באַדאַרפט...

פאַר דער צייט פון זיינע רייד איז שלומית אַריין מיטן גליענדיקן דרייפוס און מיט די כלים, שטיל אָוועקגעשטעלט, זיך צוגעהערט און אין ערפורכט אַרויס. מנחם האָט זיך גענומען צום קאָכן די קרייטעכצער.

## הורדוס

רעד, חשובער, אַ חיות איז צו הערן
דעם רואיקן געפלוס פון דיינע רייד.
זיי קלינגען, ווי די שירה פון לוויים,
מיינסט יעדער מענש קאָן זיין פאַר זיך אַ רופא!

## מנחם

פאַר זיך, מיין זון, איז ווייניק. פאַרן לאַנד
דאָס גאַנצע לאַנד איז קראַנק אויף דער נשמה
נאָך מער, ווי אופן גוף. קוק אָן, מיין זון,
קוק אָן און זע, וואָס טוט זיך אין יהודה!
די שווערד איז אָנגעשאַרפט אין יעדער האַנט,
און יעדער איינער לאָקערט נאָך זיין שונא.
אַ ברודער האָט אַ ברודער נישט געשוינט,
אַ מוטער ווערט געטויט פון אירע קינדער
און, צדוקים, פרושים שפּאַלטן זיך די קעפּ
און יעדער מיט זיין שניידנדיקער תורה.
און ביי דעם ברייטן וועג איז פריי די רויב
דער פוסגייער און וואַנדערער איז הפקר.
און רוים קומט אָן און שנייט די בייזע פרוכט
פון אייביקע מחלוקת אין יהודה.
זי שנייט און וועט אַליין פאַרשניטן ווערן
פון אייגענע מחלוקות אין דער היים.
נישטאָ קיין רופא, זון מיינער, נישטאָ!
און, האָט ווער גאָט אין האַרצן און אַ זין
פאַר יושר און גערעכטיקייט, דער מוז,
דער מוז, מיין זון, אַנטלויפן אין דער וויסטע,
ווייל בלינד איז די פאַרפירערישע וועלט!

## הורדוס

*זעצט זיך אויף אויף זיין געלעגער.*

רעד, רופא, רעד! אָט ווערט מיין גוף געשלאָגן



דורך קנאָכנדיקע פליגל פון דער קרענק.
גיב, רופא, גיב מיר גיכער די רפואה
פאַר מיר און פאַרן לאַנד.

## מנחם

*פאַרלירט דאָס לעפל, מיט וועלכן ער מישט.*

וואָס רעדסטו זון?
צו רעט פון דיר ארויס די בייזע קרענק?
ניין. וואַרט! מיט וועלכער וואונדערליכער קראַפט
האָסטו דיך אויפגעזעצט אויף דיין געלעגער?
און וועלכע גבורה שיינט פון דיר אַראָפּ?
און וואָס באַטייט דער גלאַנץ אין דיינע אויגן?
איך זע נישט דורך דער פאַרע. לאָז מיר זען,
אָ גאָט! צעעפן מיינע אויגן! ער!

*מנחם צייגט אָן אויף הורדוסן.*

## הורדוס

אומזיסט ביזטו געקומען מיך צו שטראָפן
אין מוסר זאָגן, רופא, ס'איז צו שפּעט!
ס'איז נישט מיין חטא, ווען מענטשן זענען חיות,
ווי זענען מיר אין וועג געשטאַנען, הערסט?
די שווערד פון מרידה קעגן מיר דערהויבן.
צי קאָן מען אָפּשטעלן דעם שטורימס לויף?
דעם ים באַפעלן שטילן זיינע אינדן?
פון וועג האָב איך זיי אָפּגעראַמט די שונאים,
זיי גלייכגעלייגט ווי אָפּגעשניטן גראָז!

## מנחם

דעריבער ביזטו, זון מיינער, דער רופא!
עס קוקט אַרויס אַ קעניג פון דיין אויג!
יהודהס קרוין וועט אויף דיין שטערן שיינען!

## הורדוס

איך! גאָטס שליח; דו האָסט עס געזאָגט?

צו ס'רעט פון מיר די מחלה? איך — אַ קעניג?
זאָג, רופא, נאָך אַ מאָל!

### מנחם

איך האָב געזאָגט:
יהדהס קרוין וועט אויף דיין שטערן שיינען.

### הורדוס

אַ פרייד! אַ שרעק! מיך שרעקט נישט אָפּ די מאַכט,
מיך שרעקט איר אומבאַגרעניצט־קייט, מנחם!

### מנחם

האָסט רעכט, מיין זון. דער וועג איז נישט קיין גלייכער,
פון גאָטס געבאָטן פירט ער אָן דער זייט.

### הורדוס

דאַן העלף מיר, רופא; העלף מיר, גאָטס שליח!
ס'איז אימהדיק צו פילן און צו טראָגן
די כוחות פון אַ פאַלנדיקן באַרג!
ס'איז ווייטאָגדיק דער וועלט צו טראָגן יושר,
צעטרעטנדיק דעם יושר מיט די פיס!
איך פיל דאָס און איך ווייס דאָס. אָ, פאַרוואָס,
האָט מיך גאָט אויסגעוועלט פאַר זיין כלי־זין?
און, אויב שוין מיך, פאַר וואָס האָט ער געטון
אַריינשפריצן אַ פלאַם אין מיינע אָדערן,
אַנשטאָט דעם רואיק מלכותדיקן בלוט?

### מנחם

ווען אין דיין האַנט, מיין זון, זאָל זיין דער אויסוואַל,
וואָלסטו געקענט אַוועקגיין אין די בערג,
צו פירן דאָרט אַ שטיל און הייליק לעבן
אין כיתה פון איסיים און פאַרלאָזן
דיין אייגן פאָלק און לאַנד אויף גאָטס באַראָט?



און, קענסטו דאָס, — דאַן גיב דיין האַנט און קום!
און, ביזטו קראַנק, — אָט האָסטו די רפואה,
טרינק אויס דעם בעכער זודיקן געטראַנק,
עס שטעלט צוריק די אָפּגעשוואַכטע כחות.

מנחם דערלאַנגט הורדוסן דעם בעכער. הורדוס טרינקט מיט אָנשטרענגונג. אויסגעטרונקען.

### הורדוס

ס'איז ביטער ר.ו :

### מנחם

ביטער, אָבער היילבאַר.

און איצט?

### הורדוס

און איצט נאָך ביטערער ווי פריער,
צוויי וועגן שפרייטן זיך פאַר מיר. מיט וועלכן
זאָל איך פאַרנעמען מיינע הייסע טריט?
איך וויל נישט, ניין! איך גיי מיט דיר, מנחם,
מיין רבי און מיין ברודער פון די בערג!
יהודהס קרוין — זאָל אָנטון ווער עס וויל,
און איך וועל זיין פאַר זיך אַליין אַ רופא!

הורדוס שטייט אויף פון זיין געלעגער, טוט אָן זיין מאַנטל, לויפט אַריין שלומית מיט אַ געחסמעטן פאַרמעט.

### שלומית

וואָס זע איך! וואונדער! ברודער, ביזט געזונט?

### הורדוס

און דו? וואָס איז? ביזט אויסער זיך מיין שוועסטער!
צו וועמען שיקט דער מלך זיין באַפעל?

## שלומית

צו וועמען דען, אַז נישט צום טרייען קנעכט,
צו הורדוס דעם אַדומי? הער און ציטער:

לעזט.

„דערמיט באַפעל איך הורדוסן מיין קריגסמאַן
צו שטעלן זיך הכנעהדיק צום משפט
פון מיין סנהדרין. הורדוס ווערט פאַרקלאָגט
אין איבערמאַכט און בלוטיקער אכזריות
ביים איינשטילן די אומרועז אין גליל;
אין שעכטן חזקיה מיט זיינע לייט
אויף אייגענער אחריות, אָן אַ משפט.
דער דאָזיקער באַפעל איז תיקף חל.
באַשטעטיגט און געחתמעט: קעניג הורקנוס.“

## הורדוס

צום משפט? מיך? פאַר אויספירן מיין חוב?
פאַר אָפּרוימען פון וועג אַ באַנדע רויבער —
דעם קעניגס פיינט, דעם בייזן פלאָג פון גליל?

## שלומית

דו וועסט נישט גיין, מיין ברודער, וועסט נישט גיין!
ס'איז נידעריקער פאַר דיין כבוד, ברודער!
מיין ברודער וועלן משפטן די זקנים,
די אַלטע לייט אָן ציין! כאַ־כאַ! ס'איז וואויל!
זאָלסט תיכף אָנשרייבן אַ בריוו צום קעניג,
זאָלסט שרייבן, אַז דו לאַכסט פון זיין באַפעל,
זאָלסט שרייבן, אַז ער האָט נישט מער קיין דעה
צו שטראָפן און באַגנעדיקן אַ קריגסמאַן,
אַז נאָר צו רוים ביזטו געהאָכזאַם.

## הורדוס

ניין!



איך גיי זיך צושטעלן צום משפט, שוועסטער!
וואָס דאַרף איך רוים! וואָס דאַרף איך אַ באַשיצער!
מיין שווערד איז זינדיק — ענטפער איך פאַר איר.
גיי, שוועסטער, זאָג, אַז הורדוס גייט צום משפט!

## מנחם

פון גאָטס באַפעל וועט קיינער נישט אַנטלויפן.
ס'איז נישט באַשערט, זאָלסט זיין פאַר זיך אַ רופא!..

פאָרהאַנג.

---

## צווייטער אויפצי

ין קעניגליכן פּאַלאַץ אין ירושלים. דער זאַל פון געריכט. אַלעקסאַנדראַ
שטייט פאַרטראַכט. מאַליך האָט זיך אומגעקוקט צו קיינער גייט נישט. און
גענענט צו אַלעקסאַנדראַ.

## מאַליר

מיין קעניגין! ס'איז היינט זיין לעצטער טאָג!

## אלעקסאנדרא

מיט וואָס זאָל איך דיר אָפּדינען, מיין מאַליך?

## מאַליר

כ'בין טריי מיין לאַנד און טריי די חשמונאים.
אדומי זאָל נישט הערשן איבער אונז.
דער מענש, וואָס האָט מיר גוטס געטון נישט איין מאָל,
מיך אויסגעלייזט פון קאַסיאוסעס צאָרן
און אפשר גאָר דאָס לעבן מיר געשענקט —
דעם מענשן וויל איך אָפּדינען מיט סם!
פאַרשטיי דאָך מיין געמיט, אָ, קעניגס טאָכטער
און רייד נישט פון מיין וועלן זיך דערדינען
דורך פינצטערער אומדאַנקבאַרקייט. איך מוז

פאַרניכטן אַנטיפּאַטערן דעם הערשער,
וואָס האָט דאָס לאַנד פאַרטיילט צו זיינע זין,
ווען מלך הורקנוס טראָגט די קרוין לפנים.
איך טו דאָס און צעפּליק מיין אייגן האַרץ.

## אלעקסאַנדרא

טו דאָס, וואָס דיר באַפעלט יהודהס כבוד.
יהודהס ברכה — זיין זאָל דיר אַ לוין.
און וויס: דיין שוואַכער קעניג האָט אַ טאָכטער,
וואָס גובר זיין איר ווילן איז נישט לייכט.
כ'האָב אַלץ געטון, אַז אַנטיפּאַטערס זון—
דער אַכזר הורדות — זאָל געמשפּט ווערן
נאָך היינט, ווי אַ געוועגליכער פאַרברעכער,
און קיין מאָל זיך נישט אָפּוואַשן פון שאַנד,
אַפילו ווען זיין קאָפּ זאָל מען אים שענקען.
צוויי זיילן וועלן פאַלן מיט אַ מאָל,
דער פאָטער מיטן זון. באַגראָב דיך אדום!
צו ביזטו זיכער, מאַליך, אין דיין אופטו?

## מאַליך

דער שר המשקים איז אין מיין רשות.
דער אויסגעפּרובטער סם איז פון מצרים:
אַ גאַסט וועט מען מכבד זיין דעם ערשטן
און אַנטיפּאַטער איז דעם קעניגס גאַסט.

## אלעקסאַנדרא

טרעט אָפּ, מיין טרייער מאַליך, עמיץ גייט.
זאָל קיינער פון די הויפלייט נישט באַמערקן,
אַז דאָ, אין זאַל פון משפּט איז געפאַלן
דער שווערער און גערעכטיקער גזר־דין!

*מאַליך טרעט אָפּ האַסטיק — פאָרזיכטיק. מרים גייט אַריין. אין דער האַנט אַ צעבראָכענע דיאַדעם.*



## מרים

נעם צו די רייף, נעם צו די רייף, מיין מוטער,
און שליידער אים אין חוצפּהדיקן פּנים!
צו מיין געבורטסטאָג האָט אַ קנעכט געוואַגט
צו ברענגען מיר אַ גאָלדענע מתּנה.
אַ חוצפּה פון אַ הויכגעשטעלטן קנעכט,
וואָס טראָגט דעם נאָמען הורדוס און וואָס היינט
וועט ער דעם קאָפּ פאַרבויגן פאַר די זקנים.
הכנעהדיקער פּחדן וואָס ער איז!
אַפילו נישט געוואַגט אין זיין פּחדנות
פאַרבויגן דעם באַפעל פון אַלטן מאַן,
דעם גרויזאַמען באַפעל פון שוואַכן הערשער,
וואָס בויגט אַליין דעם קאָפּ פאַר אַ באַפעל!

## אלעקסאַנדרא

ביזט בלאַס, מיין קינד. פאַרדינט עס דען אדומי,
מיין שטאָלצע טאָכטער, חשמונאימס בלוט
זאָל נעמען נאָנט צום האַרצן זיינע ליידן?
גיי, טאָכטער, גיי צוריק צו זיך אין צימער.

## מרים

ניין, מוטער. איך וועל צוזען פון דער ווייט,
ווי הורדוס ווערט געמשפּט פון די זקנים
נקמה אָן מיין חלום פון אַ פּרינץ,
אַ שטאָלצן פּרינץ, וואָס טראָגט דעם נאָמען הורדוס!

## אלעקסאַנרדא

ס'איז גוט, וואָס יעדער חלום האָט אַ ברעג.
אַ חלום קאָן אַ מאָל פאַרפירער ווערן.
מיר וועלן גיין און צוזען פון דער ווייט,
ווי הורדוס ווערט געמשפּט פון די זקנים.
דער קעניג מיט די שופטים קומען אָן.
מיר, שוואַכע פרויען טאָרן זיך נישט מישן

אין גאַנג פון די געשעהענישן, קינד.
זיי שווימען אונז פאַרביי און אונז אַריבער
צו אונזער טובה, ווי צו אונזער רעה.

### מרים

פאַר דיר, מיין מוטער, פאַסט נישט קיין הכנעה!

*ביידע פרויען — אַ. קעניג הורקנוס קומט אריין אין באגלייטונג פון צדוקים און פרושים מיט שמעיה און אבטליון בראש.*

### הורקנוס

וואָס ווילט איר, זקנים, וואָס זאָל איך באַפעלן?
באַפעלן אים אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ,
נאָך אַיידער ער וועט הערן אייער משפּט?
אַ בייז, האַרטנעקיק פאָלק — יהודהס פאָלק,
בפרט נאָך, ווען דער קעניג לאָזט זיך ריידן.
כ'האָב אייך געפאָלגט און נאָכגעגעבן אַלץ.
איר פאָדערט משפּט? — זאָל ער זיין געמשפּט!
באַרעכנט! ווער? מיין בעסטן פריינדס אַ זון,
דער זון פון אַנטיפּאַטר — מיין בעל־עצה.

### שמעיה

ס'איז ווייניק, הורקנוס, הער אונז בעסער אויס.
דו טראָגסט די קרוין, ווי נאָר פון לייטנס וועגן.
אַמאָל גענומען אדומען אין יאָך —
און איצט אין יאָך — צו אדומען געפאַלן.
קוק אָן און זע, ווער קיניגט אין דיין לאַנד!
דען אַנטיפּאַטר גיט אַרויס באַפעלן,
דער יונגער הורדוס טוט וואָס אים געפעלט,
און פּזאַל זיין ברודער האַלט ירושלים
אַזוי, ווי אין געפענקעניש. נאָר דו
פאַרגעסט צום מאָל יהודהס קרוין צו היטן,
ווי עמיץ וועט זי איינהיטן פאַר דיר.



### הורקנוס

נישט אמת, אידן דאָס איז שוין נישט אמת,
אַז אַנטיפּאַטר טוט, וואָס אים געפעלט!
און, ווילט איר וויסן, ווילט איר, אידן, וויסן.
האָט ער אַליין די עצה מיר געגעבן,
זיין זון, דעם קריגסמאַן, שטעלן צום געריכט.

### אבטליון

ער ווייס, אַז ער וועט אָפּקומען מיט גאָרנישט.
ער ווייס, אַז זיין באַשיצער איז אין רוים,
און וויי איז צו דעם כּבוד פון סנהדרין!
איך שטאַם אַליין פון אדומען און מיך
האָט גאָט געשטעלט צום עלטערן פון בית־דין,
דעריבער וועל איך פאָדערן אַ שטראָף,
אַ האַרבע שטראָף, צו שיצן אונזער כּבוד.

### שטימען

— אַ האַרבע שטראָף! מיר פאָדערן דאָס אַלע!
— ער האָט געטויט יהודהס בעסטע זין!
— צו שפּאָט געמאַכט דעם משפּט און דעם דין!
— מיט וואָפן איז ער פרידליכע באַפאַלן!

### הורקנוס

וואָס ווילט איר, אידן? האָט איר דען אַ מאָס?
פאַרגעסט איר ווען הורדוס האָט פאַרטיליגט
די שונאים פון מיין קרוין! צו איר פאַרגעסט,
אַז חזקיה'ס חבריה האָט געלאָקערט
יהודהס קרוין מיין ברודער־זון צו שענקען?
געוועזן אַ צייט, כ'וואָלט איינגען אויך אויף דעם,
ווייל שווער איז פאַר מיין קאָפּ די קרוין צו טראָגן
און טאָג אויף טאָג זיך אומקריגן מיט אייך.
נאָר איצט איז שוין צו שפּעט, ווייל אַנטיפּאַטר
וועט נישט דערלאָזן אָפּגעבן די קרוין.

### שמעיה

און דאָס מאַכט הערן ווער? דער קעניג הורקנוס!
דאָס אייניקל פון שטאָלצע חשמונאים!
הלואי וואָלט איך די חרפה נישט דערלעבט:
אַ מלך אויף געהילף ביי דעם אדומי!

### הורקנוס

וואָס שרייסטו! אַלעקסאַנדרא וועט דערהערן!

### שמעיה

וי קאָנען מיר מיט דיר צו בית־דין גיין,
אַז דיך דערשרעקט אַ האַרבער וואָרט באַצייטנס?

### אבטליון

און דאָ האָט מען צום משפט גאָר באַדאַרפט
אַ שטאַרקע האַנט פון שמעונען בן שטח.

### צדוקים־שטים

— ווער רעט עס דאָרט פון שמעונען דעם אכזר?
ער האָט פאַרגאָסן טייכן מענשליך בלוט!
געטויט אויף רעכטס און לינקס, אַזוי ווי הורדוס!

### פרושים־שטים

צו האָט איר דאָס אודאי נישט פאַרדינט?

### צדוקים־שטים

איר וואַגט נאָך ריידן, שפעטער פון דער תורה!

### פרושים־שטים

איר, קנעכט פון טויטן אות, פאַרמאַכט דאָס מויל!

### צדוקים־שטים

ביי וועמען איז די תורה טויט געוואָרן,
צעצויגן אין דער לענג און אין דער ברייט?



### פרושים־שטים

די תורה דאַרף אַרומנעמען דאָס לעבן
און, לאָזט זיך נישט, פאַרברייטערט מען דעם צאַם!

### צדוקים־שטימען

— גיי געבן מעשר פון דיין ווייבס עברות!
— גיי, שמעונס, תלמיד, אָפּטבלען די זון

### פרושים־שטימען

— וואָס שטייט דיר ווי אַ ביין אין האַלז דער תנא?
אין שמעונס צייטן האָט געשיינט די זון
— און שבת ביי דער נאַכט פלעגט פאַלן רעגן!

### צדוקים־שטימען

— און לינזן ווי די גאָלדענע דינאָרים
— און קירבעסן — ווי אייער רבינס קאָפּ!

### פרושים־שטימען

גזלנים! רוצחים! אָפּגעפוילטע גלידער!

### צדוקים־שטימען

פאַרשטאָפּטע קעפּ! קנאים! היט די ציין!

דער טומל און די געשרייען צעוואקסן זיך. עס הויבן זיך. פויסטן. שמעיה און אבטליון פרובן איינשטילן דעם עולם. הורדוס באווייזט זיך אין אריינגאנג פון פאלאץ אין דער טיף, אויף די שטיגן. ער איז אין א רויטער טאָגע מיט א לאָרבערקראַנץ. הינטער אים זיין לייב־וואך.

### הורדוס

העי! פרידן צו דער עדה פון חכמים!
און פרידן צו דעם הערשער פון מיין פאָלק!
אויף דיין באַפעל בין איך געקומען, קעניג!
מען פאָדערט מיך צום משפט — בין איך גרייט.
נו, וואָס איז פלוצלינג שטיל געוואָרן, זקנים?

צו לאַסט איז אייך מיין קומען, ווי איך זע?
דאַן איילט אייך צו און פטרט מיך בקיצור,
צו פלפול איז מיין אויער נישט געוואוינט.

## הורקנוס

נאָך דער ערשטער איבעראַשונג.

ער איז דאָך דאָ! ער איז געקומען, הורדוס!
נו, זקנים־שופטים, וואָס האָב איך געזאָגט?
עס גילט נאָך די גערעכטיקייט ביי אידן:
אַ מלך פאַדערט – פאָלגט מען זיין באַפעל!
מען וויל דיך משפטן? חלילה, הורדוס!
נאָר אויספאָרשן און אויספרעגן. מיין זון!

## שמעיה

דאָס הייסט דאָך משפט. משפט זאָל עס זיין!
איך בעט אייך, זקנים, זעצט זיך אויף די ערטער
און הערט די רייד פון אָנגעקלאָגטן מאַן
וואו איז ער – דער, וואָס דאַרף דאָ שטיין נעבייגן,
דעם קאָפּ אין אַש, מיט בעטלענדיקע הענט?
און, זעט איר אים, צעעפנט מיינע אויגן.
איך וויל אים אויך זען, זאָגן אים צו טרייסט.
אַז אונזער בית־דין ווייס דעם וועג פון רחמים
וואו איז ער – דער? איך זע אים אָבער נישט
איך זע אַ מאַן – אַ קראַנץ אַרום זיין שטערן
דער מאַנטל רויט, אין זיגערישן גלאַנץ,
ער שטייט פאַר אונז, ווי ער וואָלט אונז געמשפט
און מיר פאַר אים – צו פאָלגן זיין באַפעל.
וואָס מיינסטו, קריגסמאַן, אונז וועסטו דערשרעקן
דערמיט, וואָס דיך באַגלייטן דיינע לייט?
וואָס דענקסטו דיך? קיין משפט איז נישטאָ מער?

## הורדוס

נישט קיינעמס עסק וואָס איך מיין און דענק.



אַן ענטפער גיב איך נאָר פאַר מיינע מעשים,
צו זענען גוט די מעשים, אָדער שלעכט.
מען וואַרפט מיר פאָר: געטויט האָב איך אָן משפט,
דאַן ענטפער איך: געטון האָב איך מיין רעכט.
ווער ס׳גייט פאַרפלאַנצן רו אין לאַנד יהודה
דער מוז דעם יושר טראָגן אויף זיין שווערד.

## אבטליון

נישט רעכט אַזוי! אַ קריגסמאַן איז קיין שופט.
עס גילט פאַר אונז די תורה מיט איר דין.
שוין פופציק יאָר עס משפט אונזער בית־דין
און קיינעם נישט פאַרמשפט נאָך צום טויט.

## הורדוס

און קיינעם נישט פאַרמשפט? טאַקי קיינעם?
צו האָט איר ווער מען לעבעדיק געמאַכט,
פון די, וואָס חזקיה האָט זיי פאַרטיליגט,
פון די, וואָס זיינע לייט האָבן געטויט?
האָט איר געטון דעם נס, דאַן וועל איך בויגן
פאַר אייך מיין קאָפּ און שלאָגן זיך על חטא.
און, טאָמער נישט – דאָס וואָרט האָט איר דערהויבן,
דעם זין פון יושר טרעט איר מיט די פיס.
דאַן זייט איר ווערט אַליין צו זיין געמשפט.

## שמעיה

געענדיקט הורדוס? ניין־נאָך, ווי איך זע.
עס הויבט זיך אָן ערשט איבער אונז דיין משפט.
דאַן וואַרט זשע אויף, מיר וועלן אָנטון זעק,
אַזוי, ווי ס׳פּאַסט צו שטעלן זיך צום בית־דין.
איך קום אָבער מיט טענות נישט צו דיר,
דו יונגער קריגסמאַן, ניין! איך קום צום קעניג,
איך קום צו אייך, איר זקנים, מיט מיין וואָרט.
דו, הורקנוס, ביזט דער שולדיקער אין אַלעם,

דו, נאָכגיביקער טרעגער פון דער קרוין!
און איר, און איר, פחדנותדיקע ריכטער,
וואָס איר קויפט אויס פאַר זיך די חיי־שעה
און צאָלט די פרייז פון כבוד און פון יושר!
געדענקט מיין וואַרט, איר, עדה פון פחדנים:
די שעה קומט אָן, דער קריגערישער מאַן,
וואָס דאַרף זיין ענטפער געבן פאַרן בית־דין —
אַליין וועט ריכטער זיין. און איר פאַר אים
וועט שטיין דעם קאָפּ הכנעדיק געבויגן,
דעם בליק נישט קאָנען הויבן קעגן אים,
געדענקענדיק אַמאָליקע פחדנות.
וואָס ציטערט איר? דאָס לעבן איז אייך טייער?
וואָס מאַכט אייך שטום? די מורא פאַרן טויט?

## אבטליון

ניין, שמעיה, נישט גערעכט ביזטו צום בית־דין!
נישט ער קויפט אויס פאַר זיך די חיי־שעה.
דער כבוד פון דער תורה איז אונז בילכער
און, מיין איך שלעכט, פאַררעכט מיר מיט אַ וואָרט!

## שטימען

גערעכט! גערעכט! די תורה איז אונז בילכער!

## אבטליון

און, אויב אַזוי, דאַן זאָל דער שטאָלצער מאַן,
וואָס שטייט פאַר אונז אין זיגער־קראַנץ און פורפור,
נישט זאָגן מער: ער לאַכט פון אונזער שאַנד!
נישט מיינען מער: אויס משפט אין יהודה!

## שטימען

אַ האַרבע שטראָף, אַזוי ווי ער פאַרדינט!



## אבטליון

און וואָס פאַרדינט אַ מאַן, וואָס האָט פאַרטיליגט
יהודהס העלדן?

## הורקנוס

פאָרזיכטיקע רייד!
וואָס טוט איר זקנים? מיינט איר דען באמת,
איר זייט אַליין בעל־דעות דאָ אין לאַנד?
און וואָס וועל איך און סעקסטוס־צעזאַר זאָגן?
און רוים! געדענקט אָן רוים!

## אבטליון

עס איז גענוג
פאַר אונז ירושלים צו געדענקען
און רוים, אָ, קעניג, זאָרגן זאָל פאַר זיך.

## הורקנוס

דאָך ווײ צו אייך, ווען רוים וועט אייך פאַרזאָרגן!
אַ משפט פאָדערט פאָרזיכטיקע רייד.
די רגע קאָן אַריינברענגען אין טעות.

## אבטליון

דאַן גיב אַן עצה, האַר!

## הורקנוס

מיין עצה איז
נישט אָננעמען קיין אייליקע באַשלוסן,
נאָר מאָרגן, מיט אַ רואיקן געמיט
און קילן בלוט דעם משפט פירן ווייטער,
און גאָט וועט אונז צו הילף זיין. אָבער היינט
דערקלער איך אונזער זיצונג פאַר געשלאָסן.
גייט, זקנים ריכטער, יעדער אין זיין הויז

און גיט אייך אָפּ אַ חשבון אין התבודדות
און גרייט אַ קלאָרע תשובה צו אויף מאָרגן.

## שמעיה

מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טון מער, זקנים
נישט היינט, נישט מאָרגן. אונזער שפּיל איז אויס.
איך זע, אַז גאָטס השגחה וויל אונז מיידן.
ווייל אויב דער מלך הויבט שוין יאָ זיין שטים,
דאַן הויבט ער זי, דאָס בית־דין צו באַשפּעטן.
מיין פוס וועט דאָ ניט זיין מער! זקנים, קומט
און זאָל דאָ גאָט שוין זיין אַליין דער שופט.

*סנהדרין מיט שמעיה און אבטליון — אָפּ דערצאָרנטע. פויזע*

## הורקנוס

וואָס זאָגסטו, הורדוס, שמעיה איז אַ כעסן?
ווי זאָגסטו, קינד? דער זקן איז גערעכט?
האָב איך געקאָנט דען אַנדערש ריידן, קינד מיינס?
זאָג דו אַליין?

## הורדוס

האָסט מיך גערופן, האַר,
כ'זאָל וואַרטן, ביז דאָס בית־דין וואָלט באַוויליגט
זיך אויסשלאָפן און ברענגען דעם פּסק־דין?

*צו זיין לייב־וואַך.*

גייט, העלדן מיינע, לייגט אייך רואיק שלאָפן
איך שטיי נישט אין סכנה איבער נאַכט.

*לייב־וואַך אָפּ.*

## הורקנוס

ניין, זון מיינער, זיי דו כאָטש נישט ברוגז!
ביי מיר ביזטו אַן אָנגעלעגטער גאַסט.
כ'זאָל אויפשניידן מיין האַרץ, וואָלסטו געזען,



ווי טיף עס איז דאָרט איינגעוואָרצלט הורדוס —
דער זון פון אַנטיפּאטר, פון מיין פריינט.
קום, יונגער העלד, און אַלץ וועט זיין צום גוטן.
דיין פאָטער וואַרט מיט אומגעדולד אויף אונז.
דאָרט ווערט אַ טיש געגרייט צו אונזער שמחה
און דו וועסט, קינד מיינס, דער בעל שמחה זיין.

## הורדוס

פון בית־דין צו אַ מאָלצייט?

## הורקנוס

יונגער קריגסמאַן,
דיין בענקשאַפט האָב איך איינגעזען פון לאַנג,
דיין פלאַמענדיקע בענקשאַפט צו אַ יונגפרוי,
וואָס מיר איז זי נישט פרעמד. איך האָב געזען,
אַז אויך איר האַרץ אָן דיינעם איז באַהאָפטן
דערום האָב איך באַשלאָסן...

## הורדוס

פאָטער־קעניג!

פון וועמען איז די רייד?

## הורקנוס

דו שטויסט זיך אָן,
פון מרימען מיין אייניקל, פאַרשטייט זיך.
איך זע, עס איז אַ גאָט־זאַך, ליבער זון,
דער אַלטער שטאַם פון שטאָלצע השמונאים
זאָל אויפנעמען אין זיך דעם יונגן צווייג
פון גזע אַנטיפּאטר...

## הורדוס

פאָטער־קעניג!

צו וואָר האָסטו אַראָפּגעבראַכט מיין חלום!
מיין דאַנק און ליב וועל איך דיר אייביק צאָלן!...

ביידע אָפּ.

## אלעקסאנדרא

ארויסגעשוועבט פון הינטער׳ן פאָרהאַנג.

און וואו בין איך? וואָס פליעגט מען נישט ביי מיר?
צו אדומען זאָל זיין פאַרקנסט מיין טאָכטער!
אָ, שוואַכער קעניג! הערשער ווילסטו זיין,
ווען ס׳הערש אויף דיר די בייטש פון אדומס ווילן!
איך גיב איך נישט מיין טאָכטער! מאליך, קום!

## מאליך

שטיל אריינגעשוועבט.

מיין קעניגן, כ׳בין גרייט.

## אלעקסאנדרא

מען דאַרף זיך איילן,
ס׳איז יעדע רגע טייער!

## מאליך

איך בין גרייט,
נאר יעדער שפּאַן דאַרף זיין געמאָסטן.

## אלעקסאנדרא

מאליך!
אין ביידנס בעכער זאָל זיך סם געפינען
ווייל אויך דער יונגער הורדוס זיצטביים טיש.
זאָל אדומס גזע גאַנץ פאַרניכטעט ווערן!

## מאליך

ניין, קעניגן, איך קאָן נישט!



## אלעקסאנדרא

שלעכטער קנעכט:

## מאליך

ווייל הורדוס מוז געשוינט ווערן!

## אלעקסאנדרא

וואָס הער איך?
איך וויל, אַז הורדוס זאָל נאָך שטאַרבן היינט!

## מאליך

און וואָס וועט דאַן דיין טאָכטער מרים זאָגן?

## אלעקסאנדרא

אויב דאָס איז נאָר דיין זאָרג — איז ווי מיין כבוד!
עס קלינגט שוין די ידיעה אויפן מאַרק,
אַז מרים ווערט צו הורדוסן אַ קעפסווייב!
דו טאָרסט עס נישט דערלאָזן, מאַליך, הערסט?
יהודהס קנעכט, דערצו נאָך אַ באַווייבטער
זאָל אויסנוצן צו שאַנד דעם קעניגס בלוט?
איז רעכט ביי דיר — דאַן גילט נישט מער קיין טרייהייט.
און זאָל דעם קעניגס הויז אין שאַנד פאַרגיין.
און זאָל אויף דיר אַ קללה פאַלן, מאַליך,
וואָס דו האָסט עס דערלאָזט...

## מאליך

איך גיי! איך גיי! אָפּ

## אלעקסאנדרא

אליין

און אויב עס זאָל אים אויסמיידן דער בעכער, —

ס'איז מעגליך אַלץ, דאָס מזל איז מיט אים, —
און אויב עס איז פון גאָט באַשערט דער זווג
פון אָדומס בלוט מיט חשמונאימס גלאַנץ —
דאַן זאָל ער זיין. ס'איז ווייניקער געפערליך
דער טיגער אויף דער קייט, ווי פריי אין פעלד.
אַ שוואַכע פרוי, און, קאָן איך נישט אַריבער,
איז מוז אַרונטער. מיטן גלייכן וועג,
צו מיטן קרומען — איינער איז מיין ציל.
מיט מאַליכ'ס הילף, מיט הורדוסעס אַפילו,
איך מוז די קרוין באַקומען אין מיין האנט!
מיין זון! מיין יונגער כהן אריטאבול,
חוץ דיר איז מער שוין קיינער נישט אין לאַנד,
וואָס ווערט זאָל זיין די מלכות־קרוין צו טראָגן.
און פאַר איר זון די מלכות־קרוין צו קריגן,
דיין מוטער גרייט איז רייטן אויפן טיגער!...

הורדוס און מרים קומען אריין ארומגענומען.

## הורדוס

האָט וואָר געזאָגט דער וואָרזאָגער מנחם:
מיט אַלע וועגן גיי איך צו מיין ציל.
פון איצט און ווייטער גלויב איך, מיין באַשערטע
אַז קיינער וועט ניט אָפּווענדן מיין גליק.
כ'מיין: אונזער גליק. און זע ווי פונקט צום רומל
דער שר המשקים טראָגט צוויי בעכער ווייַן —
צוויי פולע בעכער. שטיי נאָר טרייער דינער!

דער שר המשקים, וואָס איז אין דער רגע אנגע־
קומען פון דער צווייטער זייט מיט צוויי קרישטאָל־
בעכער ווייַן אויף אַ טאַץ, בלייבט שטיין אין טויס־
גליווער.

די אַלטע לייט, זיי האָבן מער געדולד
און קאַלטן בלוט. זיי קאָנען לענגער וואַרטן.
דערלאַנג דעם וויין! דאָס האָט דיך גאָט געשיקט
אויף אונזער וועג. דעם קעניג וועסטו זאָגן:



אַז הורדוס האָט געטראָפן דיך אין וועג
און דיך באַרויבט. דו קלאָגסט אים אָן צום בית־דין.
יאָ, יאָ, מיין פריינט, צו דעם בין איך געוואונט.
איך זע דו קוקסט אויף מיר ווי אויף אַ גזלן...

הורדוס שטרעקט אויס די האַנט צום בעכער.
אלעקסאַנדרא פארלויפט דעם וועג, פאַרשטעלט
דעם בעכער מיט איר האַנט.

## אלעקסאנדרא

פאַרקנסט? פאַרקנסט? געוואָרן חתן־כלה?

## הורדוס

דעם קעניגס ווילן מוז דאָך הייליק זיין!

## מרים

אין חתן־כלה מוזן טרינקען וויין:

## אלעקסאנדרא

יאָרט, קינדער, וואַרט... איך וויל אייך, קינדער, זאָגן
מיין מזל טוב!

צעברעכט אַ בעכער אָן דר'ערד.

## הורדוס־מרים

מיט מזל זאָלסטו לעבן!

## אלעקסאנדרא

דער מלך און זיין הויזפריינט אַנטיפאַטר,
ווי רעכטע מענער טוען אַלץ אַליין.
מען האַלט זיך נישט קיין עצה מיט אַ מוטער.
איך קום צום גרייטן. נעמט זשע קינדער אויף
אַ מאַמעס ברכה וואָס איז מיין באַגער?
ביי אייך אַ שטילן ווינקעלע צו האָבן
וואו אָנצעשפּאַרן מיין געפּלאָגטן קאָפּ. וויינט

### הורדוס

דו דאַרפסט נישט וויינען, מוטער אַלעקסאַנדראַ!
דו האָסט אַ זון — איך וועל דיין צווייטער זיין,
מיט אונז צוזאַמען — לעבן וועסטו גליקליך.
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! זיי גליקליך זאַלבעדריט,
ווען דאָ איז גאָר איין בעכער ווין פאַרבליבן!
זאָל אפשר יעדער אָפּזופּן זיין טייל?
דאַן טרינק צו ערשט, אָ, מוטער אַלעקסאַנדראַ!

ער דערלאַנגט איר דעם בעכער, זי נעסט
דעם בעכער מיט אַ ציטעריק האַנט. שטייט
אין פערלעגנהייט, טראָגט דעם בעכער צו ד
ליפּן און שטעלט אים ראַש אָפּ אויפן טאַץ.

### אַלעקסאַנדראַ

ניין, הורדוס, ניין! איך וויל פון פולן בעכער
פאַר אייער מזל טרינקן ביזן דעק.
גיי, שר המשקים, ברענג דרייַ פולע בעכער!
ניין, וואַרט, איך גיי מיט דיר! איך וויל אַליין
סיי אָנגיסן דעם ווין און סיי דערלאַנגען.
אין דעם באַשטייט אַ מאַמעס גרויסער גליק.
איך גיי און קום מיט פולן באַלד צוריק.

אַלעקסאַנדראַ אָפּ כּיסן שר המשקים

### הורדוס

דיין מוטער אַלעקסאַנדראַ איז צעטרודערט.
איך צווייפל, אויב עס פרייט זי אונזער גליק.

### מרים

ווייל אומדערוואַרט איז הייגט פאַר איר דער קנס־מאָל,
ווייל איך אַליין האָב שלעכט פון דיר געטראַכט.
פאַר כעס האָב איך צעבראָכן דיין מתנה,
דיין גאָלדן רייף, וואָס דו האָסט מיר געשענקט.
ווי פועלט עס ביי זיך אַ מאַן ווי דו,



צו פאָלגן דעם באַפעל פון אַלטן מלך
און שטעלן זיך צום בית־דין אויף זיין רוף?

### הורדוס

צו ווייניק קאָנסטו מיך, צו ווייניק צוטרוי
דו האָסט נאָך צום... אַדומי, לאָמיר זאָגן.
ס'איז וואָר, איך בין פאַר דיר אַ האַלבער העלד.
פאַר זיך אַליין — נאָך ווייניקער. מיר פעלט
די לייטזעליקע קלאָרקייט פון פאַרלאַנגען.
דאָס אַלץ — אַליין, אָבער מיט דיר צוזאַמען
איז קלאָר און העל פאַר מיר דער ווייטער וועג.

### מרים

וואו פירט ער דיך? איך וויל דאָס וויסן, ליבסטער,
כאָטש פילן פילט מיין האַרץ: דיין וועג איז גרויס.

### הורדוס

און פילן פילט דיין האַרץ די וואָרהייט, מרים!
הער אויס און גלויב. מיין וועג איז צו דער קרוין
!

### מרים

יהודהס קרוין? איך האָב געשטיקט דעם חלום,
דעם חלום פון אַ חשמונאים־קינד.
צו ערשט — די יורשים. שפּעטער צו — דער ברודער
דער כהן אריסטאבול האט פון מיר
יהודהס קרוין פאַרשטעלט.

### ז רדוס

ניין! מיר אַליין,
באָר מיר אליין, ווען האַנט אין האַנט, צוזאַמען,
מיין גבורה מיט דיין אַדל־בלוט פאַרקנסט —

נאָר מיר אַליין צו דעם זענען דערוואַקסן.
יהודה דאַרף אַ שטאַרקע האַנט — אָט איז זי!
יהודה דאַרף אַ שטאָלצע מלכּה — דו!
נאָר נישט די קרוין אַליין מיך רופט און לאָקערט.
איך האָב פאַרשטאַנד דעם לאַנד צו געבן רו,
אין וועלכן ס'גויטיקט זיך אַזוי. די חורבות
וועל איך אין שטעט און פּאַלאַצן פאַרוואַנדלען,
די גרעניצן — צעשפרייטן וועל איך ברייט.
צום ים וועל איך זיך דורכשלאָגן אַ צוטריט,
צו עפענען אַ טויער אין דער וועלט.
געמעכטיגט און באַפעסטיקט וועט יהודה
דאַן אפּעטעמען פריי אויף לאַנגע יאָר.
און שנעל וועט זי פאַרהיילן אירע וואונדן
און גיך וועט זי דערפילן איר באַרוף.

מרים

דערפילן איר באַרוף? צו האָט אַ לאַנד
אַ חוץ דעם ווילן פריי אין רייך צו לעבן
אַן אַנדערע עובֿדה? ניי זענען די רייד:
דערפילן איר באַרוף...

הורדוס

דאָס זענען ווערטער,
וואָס שמידן איין אין זיך אַ גרויסן מיין.
דער מיין איז אויף דיין אַנגעזיכט פאַרצייכנט,
דו, בת־כהנת טראָגסט אין זיך דעם מיין,
נישט וויסנדיק אַליין פון דיינע אוצרות.
איך עפן מיינע אויגן און איך לעז,
און מעכטיק ווערט מיין האַנט צו טון זיין ווילן.
יהודה זאָל אַ פעסטונג זיין פאַר גאָט,
ווייל גאָט איז איר באַשיצער און רעגירער.
כ'וועל איבערשטייגן דודן אין גבורה,
כ'וועל איבערשטייגן שלמהן אין זיין פלייס.



פאַר גאָט וועל איך אַ נייעם היכל בויען
אום שטוינען פאַר זיין שענקייט זאָל די וועלט.
יהודה האָט בן עובֿדה זיך געשטעלט:
פון עק ביז עק איין שירה זאָל פאַרקלינגען,
אַ לויב און דאַנק דעם שעפער אין די הימלען!

מרים

קוקט אויף הורדוסן מיט באַגייסטערונג.

אָט שטייט פאַר דיר אַ פרוי פון שטאָלצער גזע,
פון גזע חשמונאים, שטייט פאַרניקט.
פאַר איר ביזטו שוין קעניג און רעגירער.
א פרוי בין איך, וואָס טראָגט דעם סוד שאַפן
און וואַרט אויף איר באַשערטן. און דיין האַנט
האָט אָנגערירט מיין יונגפרוייליכן שטערן
און מיט אַ הויכן רעיון אים באַמאַנט.
געוועזן בין איך אַ פּורים צו דיין רעיון,
איצט וויל איך זיין דיין חבר צום געווער,
מיט דיר צוגלייך אין הויכער שטרעבונג פלאַנען.
קום, חתן־מלך! לאָמיר גיין צוזאַמען!

הורקנוס

אריינגעלאָפן און שרעק און פאַרצווייפלונג.

וויי צו דיין מלך, הורדוס! וויי צו דיר!
מיין האַנט איז ריין! גאָט, העלף מיר אין מיין נויט!

הורדוס

וואָס איז?!

הורקנוס

דיין פאָטער איז געפאַלן טויט!

פאַרהאַנג.

---

# צווייטער אקט.

## ערשטער אויפצי

אויף די טרעפ, וואָס פירן צום טויער פון בית־המקדש, זיצט ניקאָלאוס און שרייבט. טריפאָן האַלט פאַר אים דעם טינטער און שרייב־געצייג. טריפאָן זיצט נידעריקער. ער איז הויקערדיק, עס הערט זיך אַ ווייטע בהלה אין שטאָט, ווייטע האָרן־שאַלן, סעמטע קולות.

### ניקאָלאוס

וואָס ציטערסטו אַזוי מיט דיין פעקל ביינער, טריפאָן? נאָך אַ ווילע און די געשיכטע איז פאַרשריבן. דער פלייסיקער לעזער קוויקט זיך מיט די געשעהענישן, ווי מיט אַ פרישן נעקטאַר. דער סיפור המעשה פאַרכאַפּט אים. ער ווייס גאָר נישט, אַז דער געשיכטע־שרייבער איז געגליכן צו יענעם יעגער, וואָס דערשיסט דעם לייב אין מיטן פעלד און דאָ, אויפן אָרט, טוט ער אים אויס פון זיין פעל. מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויפן זכרון. אויף דער הייסער מינוט, טריט ביי טריט מו די פרישע געשעהעניש איינגעפאַסט ווערן אין דער אייזערנער ראַם פון געשיכטע.

### טריפאָן

אָבער וואָס איז דאָ שולדיק מיין פעקל ביינער, חשובער ניקאָלאוס? דו קאָנסט רואיק שרייבן אונטער פיילן; און איך — קאָן אַפילו דעם טינטער נישט האַלטן. און ווי זאָל איך נישט ציטערן? הער וואָס עס טוט זיך אין שטאָט? די לופט איז פול מיט גזילה אין רציחה. הער די שיכורע קולות פון רוימישע זעלנער, וואָס האָבן ירושלים צו רויב געמאַכט! דאָס האַרץ וועט מיר אַרויסשפּרינגען, ניקאָלאַוס! אין



ווי וועט זיין, אַז איך וועל דאָ בלייבן שטיין מיטן טינטער, אָן אַ האַרץ? וואָס וועסטו זאָגן פאַרן קעניג?

### ניקאָלאוס

רעד נישט קיין נאַרישקייטן, קעניג פון גאָל־מעסער און נעם זיך נישט איבער מיט מענשליכער אַכזריות. מענשן זענען אַלע מאָל מענשן. וועלף אין דער מלחמה און חזירים אין דער פרידליכער צייט. דו הער בעסער דעם פיינעם נוסח פון שרייבן געשיכטע, וועסטו מער הנאה האָבן. לעזט... נאָך הורדוסעס העלדן זענען אַרויפגעקראָכן אויף דער וואַנד סאָסיאוסעס צענטוריאָנען און זענען אַריינגעדרונגען אין דער מיט פון ירושלים. די שלאַכט האָט זיך צעפלאַקערט אין מיטן דער הייליקער שטאָט. די רוימישע לעגיאָנערן, אויפגערייצט פון לאַנגער באַלאַגערונג, האָבן אויסגעלאָזט זייער צאָרן צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג. זיי האָבן זיך געלאָזט, ווי משוגע, אין די ענגע גאַסן, קיין קינדער און קיין זקנים נישט געשוינט, איבער פרויען נישט געהאַט קיין רחמנות...

דאָ, טריפאָן, מוז איך וואַרטן און זען מיט וואָס וועט זיך ענדיקן די גרויסע הריגה. דער זאַץ האָט זיך ביי מיר אַזוי פיין צעוויקלט; קאָן איך דאָך ניט בלייבן הענגען אין דער מיט...

### טריפאָן

ניקאָלאַוס! מיינסטו נאָך לאַנג צו שרייבן געשיכטע, וועל איך אויסנוצן די צייט, וועל איך זיך שעכטן דערווייל מיטן קעניגס גאַל־מעסער. איך האָב אים צו דער האַנט.

### ניקאָלאוס

ס'איז אַ אידעע. ווען דו טוסט עס, וואָלט די מעשה פאַרשריבן געוואָרן. עס טרעפט, אַז אויך קעניגליכע באַרבירער גייען אַריין אין דער געשיכטע.

### טריפאָן

וואָס טוט דער קעניג, ניקאָלאַוס? ווי דערלאָזט ער צו אַזאַ אכזריות? כ'האָב אים פון אויג פאַרלאָרן, איך ווייס נישט וואו ער איז.

### ניקאָלאוס

דער קעניג הורדוס טוט וואָז ע ר קאָן. כ'האָב אים געזען רייטן איבער דער שטאָט און איינשטילן דעם צעווילדעוועטן חייל. צו וועט אים געלינגען — ווייס איך נישט. עס טרעפט, אַז אַ העלד רופט אַרויס די געשיכטע פון איר באַהעלטעניש און ווערט אַליין אַ שפּילצייג פון אירע נעגל.

### טריפאָן

מוטיקער ניקאָלאַוס, שטיינערנער מאַן! מיר זענען פאַרפאַלענע! אָט גייען אַהער די רוימישע לעגיאָנערן. זיי גייען רויבן גאָטס הויז!

### ניקאָלאוס

פּאַק איין דעם טינטער! מיר שרייבן נישט מער. אָבער איך גיי נישט פון דאַנען אַ טריט. איך מוז דאָך זען, צו גאָטס הויז וועט צע־רויבט ווערן, אָדער בלייבן געשוינט. יאָ, טריפאָן. געטער ווייסן וואָס זיי טוען. דער העלד מאַכט געשיכטע, דער מוטיקער שרייבט געשיכטע און דער פחדן פּאַקט איין דעם טינטער...

### טריפאָן

און איך וועל דיר אָט וואָס זאָגן, ניקאָלאַוס! אַז געטער האָבן פאַרטיילט מעלות צו די שטערבליכע, האָבן זיי אויפגעפאַנגען די מעלות ווי וועש אויף צום טריקענען. איר, די גרויסע, האָט מיט דער האַנט דערלאַנגט צו העלדישקייט און מוטיקייט. און איך, קליין מענשעלע, האָב קוים אַראָפּגעשלעפּט אַ גרויס האַרץ, וואָס איז נידעריק אַראָפּגע־האַנגען. האַלט איך זיך ביי דער מעלה. איך וויל נישט, צוזען ווי מען וועט רויבן גאָטס הויז. איך וועל לויפן אין די גאַסן, איך וועל שרייען: קעניג, וואו ביזטו, קעניג! אָפּ, שרייענדיק

### ניקאָלאוס

טוט אָן ברילן.

עס טרעפט, אַז מענשן ווערן משוגע. ער איז אַנטלאָפן מיטן טינטער!

קומען אָן לעגיאָנערן מיט אָנגערויבטע זעק.



### 1־טער

אָט דאָ איז דער יהודעאישער אוצר, וואָס פּאָמפּעאוס האָט אים אָנגעקוקט און נישט אָנגערירט.

### 2־טער

פּאָמפּעאוסען האָט מען געגעבן מיט גוטן און מיר וועלן מוזן צולייגן אַ האַנט.

### 3־טער

רוימער! האָסטו אַ זאַק, וואָס איז גרויס גענוג, כדי צו פאַרנע־מען דיין חלק גאָלדענע דינאָרים?

### 1־טער

איך וועל אַרויסוואַרפן דעם אָנגערויבטן זילבער פון זאַק. גאָלד איז טייערער.

### 3־טער

גאָלד איז אָבער שווער. ווי וועלן מיר אַוועקטראָגן? אפשר צו־רופן נאָך וועמען פון אונזער קאָהאָרטע?

### 1־טער

און טיילן זיך מיט זיי מיט אונזער גאָלד? איך גיי נישט איין אויף דעם שאַ, ווער איז דער מאַן, וואָס ער זיצט אויף די שטיינער? מענש, ווער ביזטו, מענש?

### ניקאָלאוס

אַ מענש.

### 3־טער

פאַר וואָס טראָגסטו ברילן?

### ניקאָלאוס

כדי איך בעסער צו זען.

## 3־טער

צו וואָס דאַרפסטו אונז זען?

## ניקאָלאוס

איך דאַרף קאָנען די מענשן, וואָס גייען רויבן גאָטס הויז.

## 2־טער

האָט מען דיך אָוועקגעזעצט נאָכצעקוקן — אַ נאַר ביזטו, אַז דו האָגסט עס אויס. האָט מען דיך אַוועקגעזעצט פאַר אַ שומר און אָן אַ שווערד — אַ שלעכטן פירער האָסטו.

## ניקאָלאוס

די צייט האָט מיך אַוועקגעזעצט. מיין שווערד איז מיין פען. און מיין פירער איז מיין געוויסן. ווער עס וועט רויבן גאָטס הויז, דעם וועל איך אַריינשרייבן אין דער געשיכטע.

## 1־טער

חשובר שרייבער! באַשמעקטער מענש! שרייב מיך אַריין, איך וועל דיר צוצאָלן. מיין נאָמען איז טיטוס קאָמיניאוס. צוואַנציק יאָר, אַז איך דין אין דער קאָהאָרטע און קוים דערלעבט דערהויכט צו ווערן.

## 2־טער

פאַרשרייב מיך אויך!

## 3־טער

מיך אויך. אונז אַלע!

## ניקאָלאוס

אָבער אויב איר וועט ביישטיין דעם נסיון, וועט איר סיי ווי אַריין אין דער געשיכטע. האָט דאָך פאָמפעאוס נישט גערויבט און די מעשה איז פאַרשריבן געוואָרן.



## 1־טער

הע! וואָס זאָגסטו צו אים? ער האַלט אונז, אפנים, פאַר גרעסערע נאַראָנים, ווי מיר זענען! ווייַן אויף צום זויפן, ווייב אויף צום קושן און גאָלד אויף צום רויבן — דאָס פאַרשטייט דאָך יעדער רוימער. טרעט אָפּ, דו, געגנזענע פען מיט גלעזערנע אויגן! מיר מאַכן באַלד פון דיר אַליין אַ טינטער. העי. אָדלערס, וואָס קוקט איר אים אָן?

פון דער זייט באַווייזט זיך הורדוס. ער פאַרלויסט דעם וועג אויף די שכּ׳גן און קערט זיך אום צו די לעגיאָנערן מיט אַ דערהויבענער שווערד.

## הורדוס

קיין שריט נישט ווייטער, ווער ער וויל נאָך לעבן!
צוריק! האַלט איין די רויבערישע לוסט!
נישט אייך צו שפּאָט האָב איך מיין לאַנד געגעבן!
און גאָטס פאַרמעגן שיץ איך מיט מיין ברוסט!
העי, זין פון רוים, איר, שטאָלצע לעגיאָנערן!
געטריי אין שלאַכט, איר גייט איצט רויבער ווערן?
דאַן הערט מיין וואָרט! איך שווער אייך ביי דער קרוין!
די שווערד אין ברוסט וועט זיין פאַר אייך מיין לוין!

## 1־טער

קיין לעגיאָנער וועכטו נישט שעכטן, קעניג!
נישטאָ אַזאַ געזעץ צו שעכטן רוימער.
דערצו זענען מיר פיל. און דו אַליין.
מיר האָבן נאָך אַ ברירה נישט צו וועלן.
נאָר וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, קעניג,
אַז אין אַ שטאָט, וואָס מיר האָבן באַצוואונגען
מיט אונזער אייגן בלוט, זאָל מען פאַרווערן
אונז אָנפילן די אויסגעדאַרטע זעק?
אָט גייט דער פירער סאָסיאוס, וועסט הערן
פון אים אַליין דאָס רעכט פון לעגיאָנערן.

סאָסיאוס קומט אָן.

### אלע לעגיאָנערן

זאָל לעבן קריגער סאָסיאוס!

### סאָסיאוס

אַ דאַנק!
וואָס קריכט איר אום, ווי מייז אין אַלע לעכער?
וואָס וואַקסט איר אויס, וואו מען פאַרזייט אייך נישט?
צו הערט איר נישט די פויקן און דעם האָרן,
וואָס רופן אויפן פּלאַץ? צו זייט איר טויב?
אין ווילדן רויב האָט איר די מאָס פאַרלאָרן,
אַ רוימער דאַרף אויך מאָס האָבן אין רויב.
און דיך, אָ, קעניג, זוך איך אין די גאַסן,
געפאַנגען און געבראַכט אויף דיין באַפעל
דעם זעלבסגעקרוינטן הערשער אַנטיגאָנוס,
דאָרט שטייט ער, פעסט געבונדן און באַוואַכט.
וואָס שטייסטו, קעניג, איינגעהילט אין צאָרן?
וואָס פאָכסטו קעגן רוימער מיט דיין שווערד?
צו איז פון רוים די הילף דיר נישט צום האַרצן?

### הורדוס

פאַרשאָלטן זיי, אָ סאָסיאוס, דיין הילף!
בעגליכן איז דיין הילף צו אַ מגיפה.
די רוימער דיינע רויבן אויס די שטאָט.
די גאַסן זענען פול מיט טויטע גופים
פון זקנים און פון קינדער. דער געוואַלד
איז ווי טייך אַרויס פון אַלע ברעגעס,
פאַרפלייצנדיק ירושלימס טאָלן.
אויב דאָס איז אייער הילף, וואָלט איך שוין בעסער
בעוואונשן זיך, די ערד זאָל מיך פאַרשלינגען
מיט אייך אינאיינעם! ווילט איר מיט דער הילף
מיך מאַכן פאַר אַ קעניג פון אַ מדבר?
זיי וויסן, סאָסיאוס, אַז אויב די פרייז



פון הערשאפט איז דאָס בלוט פון קליינע קינדער,
די שאַנד פון פרויען און די שמאַכט פון די זקנים,
וואָלט הורדוס אָפּגעזאָגט די פרייז צו צאָלן
פאַר קרוין און הערשאַפט איבער גאָרער וועלט!
אַ סוף זאָל תיכף נעמען צו דער גזילה!
און — ווילסטו גזילה — שטעך מיר דורך מיין ברוסט.
באַדאַנק אַנטאָניאוסן פאַר מיין קרוינונג
און גיב אים אָפּ יהודהס קרוין צוריק!

### סאָסיאוס

נו, זיי זשע דאָך נישט בייז, מיין קעניג הורדוס!
און וואַרף דאָך נישט די קרוין אַראָפּ פאַר כעס.
דו ביזט ל ין אַ קריגסמאַן און דו ווייסט,
ווי פריידיק ס'איז די קריגס־רויב נאָך די שלאַכטן.
נאָך שווערע טעג באַלאַגערונג און אָנגריף,
נאָך אייגן בלוט, פאַרגאָסענעם אין שלאַכט,
מיט ברויט און וואַסער ווילסטו פרובן שטילן
דעם דורשט און הונגער פון צעקאָכטן בלוט?

### הורדוס

דאַן פאָדערט און באַקומט. איך וועל באַלוינען,
די לערע זעק אייך אָנפילן מיט גאָלד.
און, אויב מיין אייגן גאָלד וועט נישט גענוג זיין,
פאַרקויפן וועל איך ביזן לעצטן העמד,
פאַרמשכנען מיין האָב און גוטס ביי פרעמדע.
נאָר דאָס וואָס מיינס, נישט רויבנדיק ביים פאָלק.
איר הערט מיין וואָרט?

### לעגיאָנערן

זאָל לעבן קעניג הורדוס!
זאָל לעבן סאָסיאוס! זאָל לעבן רוים!

### סאסיאוס

איר האָט געהערט דעם קעניגס צוזאָג, העלדן?

זיין וואָרט איז הייליק. הערט זשע, העלדן, אויס
איצט מיין באַפעל. קיין רויב און קיין רציחה
זאָל מער קיין אָרט נישט האָבן אין דער שטאָט.
פאַר דעם באַשטראָף איך שטרענג, ווי אין דער קריגסצייט.
איר ווייסט, אַז סאָסיאוס האַלט וואָרט. איצט — גייט!

לעגיאָנערן — אָפּ.

## הורדוס

און דו, מיין ליבער ניקאָלאַוס, גיי,
אין אַלע מערק מאַך הערן מיינע ווערטער,
מאַך הערן אויך דעם קריגספירערס באַפעל.
און ברענג אַ טרייסט דער שטאָט ירושלים.
דיך, סאָסיאוס, וועל איך אַזוי באַלוינען,
ווי קיין מאָל האָט אַ קעניג נישט באַלוינט.
נישטאָ, די פרייז וואָס זאָל מיר זיין צו טייער,
פאַר ברענגען רו דעם פיל געפּלאָגטן לאַנד.
באַוויליג אַנטיגאָנוסן צו ברענגען!

סאָסיאוס — אָפּ.

## ניקאָלאוס

בעפויר איך גיי צו טון דיין הויכע שליחות,
הער אויס, מיין האַר, די אויפריכטיקע ווערטער,
וואָס רייסן זיך ביי מיר פון האַרץ אַרויס.
דו ביזט מיר אַ בעל־חוב: אַ בלאַט געשיכטע.
איך האָב געמיינט, גאָטס הויז וועט זיין צערויבט.
די פען האָב איך געהאַלטן, גרייט צו שרייבן
די טרויעריקע בלאַט. אָבער איך זע
עס טרינקט אויס די טינט, ווי מיין דערוואַרטונג.
ניין, ניין, דו ביזט מיר קיין בעל חוב נישט, קעניג!
האָסט מיר געגעבן מער נאָך ווי אַ בלאַט,
האָסט מיר געגעבן נאָר געציילטע ווערטער,
וואָס דאַרפן אָבער זיין מיט גאָלד פאַרקריצט
אויף לוחות פון דער וועלט און אירע מעשים,



אַנטלאָפן מיט מיין טינטער איז טריפאָן,
האָב איך די ווערטער מיט מיין בלוט פאַרצייכנט
אָט זיינען דיינע ווערטער: „אויב די פרייז
פון הערשאַפט איז דאָס בלוט פון קליינע קינדער,
די שאַנד פון פרויען און די שמאַכט פון זקנים —
וואָלט הורדוס אָפּגעזאָגט די פרייז צו צאָלן
פאַר קרוין און הערשאַפט איבער גאָרער וועלט"
אַזעלכע פערל קאָנען מאַכן טריפן
די ליפּן פון אַ מאַן, אַזוי ווי דו.
איך דאַנק דיר פאַר דיין גאָלדענע מתנה
אין נאָמען פון דער אייביקייט. איך גיי
דיין הויכע שליחות טון, מיין קעניג הורדוס! אָפּ

## הורדוס

אַז וואויל צו דיר, פון אייביקייט דעם דיכטער!
אַז וויי צו מיר, דעם שעפער אויף אַ ווייל!
דו וואָלסט געוויס די מימרה אויך פאַרצייכנט...

סאָסיאוס פירט אַריין אַנטיגנוסן. אַנטיגנוסעס הענט — געבונדן, הורדוס ווענט זיך אין זיין זייט. באַטראַכט אים.

ביזט ענדליך דאָ. געבונדן מיט אַ שטריק
דו שטייסט פאַר מיר, אַנטיגנוס חשמונאי,
און ענטפערסט מיר פאַר אַלע דיינע מעשים.
דו, אייניקל פון שטאָלצע ייִדעס — העלדן,
וואָס האָבן מיט געוואַלט מיין שטאַם געאידישט,
פאַר דעם אדומי שטייסטו און דו ציטערסט.
און הורדוס פרעגט דיך: ווער האָט דיך געקרוינט?

## אַנטיגנוס

איך האָב נישט וואָס צו דיר צו ריידן, פרעמדער!
פאַר מיר ביזטו אַ רויבער און אַ קנעכט.
די קרוין געהערט צו מיין משפחה, פרעמדער!
איך בין איר יורש. דו האָסט זי געגרויבט.

### הורדוס

אַזוי? און ווער האָט זיך אַליין געקרוינט,
אויב נישט דיין עלטער־זיידע אַריסטאָבול,
וואָס האָט געשמיט אין קייטן זיינע ברידער,
געשיקט זיין מוטער אויף אַ הונגער־טויט?
און ווי האָט נאָך זיין טויט געקיניגט יאַנאַי,
וואָס האָט אכזריותדיק זיין שטול באַפּעסטיקט
אויף פופציק טויזנט אומגעבראַכטע אידן?
די אַלטע מלכּה שלומית־אַלעקסאַנדראַ,
וואָס האָט געלאָזט פאַרטיליקן די צדוקים?
דער ווילדער לייב, דיין פאָטער אַריסטאָבול,
וואָס האָט יהודה איינגעטונקט אין בלוט,
זיין אייגן לאַנד געבראַכט צו אַ פאַרוויסטונג?
צו מיינט איר. אַז יהודה איז באַשאַפן
צו בלוטיקן לכּבוד אייער קרוין?
דו, אַנטיגאָנוס, נאָכקרימער פון פאָטער,
ווען מיט דער הילף פון פּאַרטער — ציונס פיינט,
האָסטו די קרוין גערויבט ביים אַלטן פעטער,
זאָג, ווי האָסטו באַהאַנדלט דעם באַזיגטן?
די אויערן אים אָפּגעביסן — הונט!
אַז דער בעל מום זאָל מער נישט זיין קיין כּהן!
און מיט דעם פעטערס אויערן אין מויל
פאַר גאָט געשטעלט זיך אָפּריכטן די תּפילה!
זיי רואיק, אכזר: דיך וועל איך נישט בייסן,
מיין אויסוועג איז אַ בעסערער פאר דיר,
דורך דיינע אַלע פאַלשקייטן געפאַנגען.
וואָס האָט מיין ברודער פּזאַל געטון. דערמאָן דיך?
די הענט געבונדן, אָן די שווערד צו גרייכן,
האָט ער דעם קאָפּ צעשפּאָלטן אָן אַ שטיין.
דאָס טוט אַ העלד. אַ העלד זיי, חשמונאי!
געבונדן אַנטיגאָנוס, דיינע הענט!
די וואַנט וועט אויסהאַלטן, דיין קאָפּ איז שוואַך.
נעם און צעשפּאַלט דיין קאָפּ פאַר מיינע אויגן!



*אַנטיגאָנוס קוקט זיך אום אויף סאָסיאוסן, פאַלט אים צו די פיס.*

### אַנטיגאָנוס

דערבאַרים זיך און לאָז מיך לעבן, רוימער!
כ'וויל זיין דער קריגסגעפאַנגענער פון רוים,
כ'וועל נאָכלויפן אַנטאָניאוסעס וואָגן
אין טאָג פון זיין אַריינפאָרן אין רוים.
כ'בין מוחל אַלץ, נאָר לאָז מיר רואיק לעבן.
דער רשע הורדוס לאָקערט נאָך מיין טויט!

### סאָסיאוס

*שטויסט אים אָפּ מיטן פוס.*

נישט מער קיין אַנטיגאָנוס! אַנטיגאָנע!
ביי רוצחיש בלוט אַ ווייבערישער מוט.
העי, נעמט אַוועק דאָס ווייב פון מיינע אויגן!

*לעגיאָנערן פירן אוועק אַנטיגאָנוסן.*

נישט אייל דיך מיט דיין אורטייל, קעניג הורדוס!
אַנטאָניוס באַדאַרף אים צום טראָפיי,
ביים אַנקומען קיין רוים אין פולער גדולה.

### הורדוס

דאַן וועט ער, סיידן מיטנעמען זיין גוף.
דער לעצטער חשמונאים־קאָפּ מוז פאַלן
אונטער אַ האַק. יהודה לעכצט נאָך רו.
קיין רו וועט זי נישט האָבן אַזוי לאַנג,
עס לעבט נאָך איינער פון די חשמונאים...
ווער קומט עס דאָרט? די זקנים מיט מיין שוויגער?
וואָס ווילן זיי? באַגגעדיקונג פאַר אים,
וואָט בייסט אַראָפּ די אויערן ביים כּהן?

*אַלעקסאַנדראַ אין דער באַגלייטונג פון זקנים פירט אַריין איר זון אַריסטאָבול אין כהונה טראַכט.*

אַז וואויל דיין קומען, מוטער אַלעקסאַנדראַ!
אין שטאָט איז נאָך נישט רואיק. שטעלסט דיך איין,
פאַרלאָזנדיק די זיכרקייט פון פּאַלאַץ.
געוויס איז עפּעס וויכטיקעס געשען?

### אלעקסאנדרא

איך ווייס נישט, הורדוס, אויב ס'איז אַזוי וויכטיק,
פאַר דעם, וואָס טראָגט די קרוין, נאָר פאַר אַ מוטער –
אַ גרויסע פרייד און נחת פון איר זון.
אַ בריוו האָט מיר אַנטאָניאוס געשריבן –
דיין רוימישער געביטער. ער באַפעלט
מיין יונגן זון, דעם כהן אַריסטאָבול
צו קרוינען מיט דער קרוין פון כהונה־גדולה,
ווייל דו טראָגסט נאָר די מלכותדיקע קרוין.
אָט איז דער בריוו...

### הורדוס

אין זאָרן

די, מוטער אַלעקסאַנדראַ,
האָסט זיך געוועגט... צו דער פאַרשייטער שלאַנג...
צו קלעאָפּאַטראַ פון מצרים ?... זי זאָל בעטן
ביי איר פאַרשקלאַפטן רוימישן געביטער
פאַר אַריסטאָבולן די כהונה־קרוין ?!

### אלעקסאנדרא

דאָס זענען קליינע ווייבערשע עסקים,
מיר בינדן זיי צוזאַמען ווי מען קאָן.
איז דען אַ חטא, אַ מוטער זאָל באַגערן
צו האָבן נחת פון איר זון!

### הורדוס

אַ חטא!
ווייל קלעאָפּאַטרא איז מיין ערגסטער שונא,
די שלאַנג איז גרייט פאַרניכטן אונזער לאַנד!

### אלעקסאנדרא

איך מיש מיך נישט אין העכערע ענינים.
כ'האָב נאָר געמיינט די טובה פון מיין זון.

### הורדוס

דיין זון איז יונג, די כהונה־קרוין צו טראָגן!



### אלעקסאנדרא

ער איז אָבער אַן עכטער השמונאי!
פון ריינעם בלוט, מיין ליבער איידים הורדוס!
פון ריינעם בלוט! אַזוי ווי ס'וויל דאָס פאָלק,
וואָס האָט מיט מיר געשיקט צו אים די זקנים.

### הורדוס

באַהערשט זיין צאָרן

גוט. אויב דעם פאָלק איז ניחה – איז מיר ליב.
דאַן זאָל ער גיין, דער יונגער כהן גדול
אין אָפּריכטן אַ תפילה פאַר דעם זיג,
וואָס גאָט האָט אונז געשאָנקען אין יהודה.

אלעקסאנדרא פירט אריסטאָבולן אויף די שטיגן פון בית המקדש. הורדוס פארנעמט זיך נאָכצוגיין. אלעקסאנדרא קערט זיך אָפּ צו הורדוסן און פארשטעלט אים דעם וועג מיט דער האַנט.

### אלעקסאנדרא

אַהער קאָן נאָר אַריין דער כהן־גדול.
פאַר דיר איז אַ פאַרבאָטענע די שוועל.

### הורדוס

די שוועל האָב איך דאָך מיט מיין ברוסט פאַרטיידיגט!

### אלעקסאנדרא

כדי מיין זון זאָל טרעטן איבער איר.

הורדוס שטייט אין פארלעגנהייט. פארוואַרפט דעם מאַנטל און דערווייטערט זיך צאָרנדיק, מיט שנעלע טריט.

סאַסיאוס

כ׳בין. אסור, קעניג הורדוסן מקנה... אָפּ.

אלעקסאַנדראַ

מיין ערשטער קאַמף געוואונען און מיין זון
האָט אָנגעטון די אַלטע קרוין פון כהונה!
דיך שטיקט דער צאָרן, זון פון אַנטיפּאַטער?
און איך וועל דאַנקען גאָט... און קלעאָפּאַטרען!

פאָרהאַנג

---

## צווייטער אויפצי

א צימער אין פּאַלאַץ. אין דערוואַרטונג שטייען די בוימייסטער פון אלעקסאַנדריען מיט פּלענער און פּלאַנגעצייג אין די הענט. זיי קוקן אָנגעשטרענגט צו דער טיר פון מלכ׳ס צימער. די סצענע הויבט זיך אָן פון שטומער דערוואַרטונג.

1־טער בוימייסטער

נישט מען הערט אים. נישט מען זעט אים.

2־טער

אַרויסגעפאָדערט בוימייסטער און מען גיט זיי קיין אַרבייט נישט.

3־טער

איך בין שוין פעט געוואָרן זיצנדיק און שלעפעריק פון ליי־דיק גיין.

4־טער

אַ נסתר דער מלך פון יהודה. באַווייזט זיך נישט.

1־טער

הערט מיינע רייד. מען וועט אונז היינט ווידער נישט אויפ־נעמען.



2־טער

אַבי מען האָט געאיילט מיט אונזער קומען.

3־טער

און וואָס וויל ער דען בויען – דער קעניג פון יהודה?

4־טער

מען זאָגט – אַ טעמפּל פאַר זיין גאָט.

1־טער

האָלץ און שטיינער אָנגעפירט, ווי פאַר פופצן געביידעס. פון דעם טייערסטן האָלץ. פון די איידלסטע שטיינער.

2־טער

שטילער, מען גייט. איך הער טריט. איז דאָס דער קעניג?

אין דער טיר פון קעניגס צימער באַווייזט זיך יוסף.

1־טער

ניין. ס׳איז דעם קעניגס הויפמאַן. חשובער הויפמאַן! ווען וועט מען אונז אויפנעמען?

יוסף

חשובע בוימייסטער, איר מוזט האָבן געדולד. די רייזע מיט אייך פאָדערן אַ דואיקן געמיט. מיין קעניג קאָן אייך נאָך נישט אויפנעמען.

1־טער

אויב אַזוי – איז דאָך קלאָר, קומט, מיינע פריינט. מלכים האָבן ווייזט אויס, די זעלביקע טבע, וואָס מיר, פּשוטע מענשן. לאָמיר זיי מוחל זיין. וועסט אונז אָנזאָגן, הויפמאַן, ווען ביי דיין קעניג וועט זיך לייטערן דאָס געמיט... מיר וועלן וואַרטן.

בוימייסטער — אָפּ. אין רער זעלבער צייט קומט אַריין שלומית, גייט צום קעניגס צימער. יוסף פאַרשטעלט איר דעם וועג.

### שלומית

דו ווילסט מיך נישט אַריינלאָזן צום קעניג?

### יוסף

מען דאַרף ניט, שלומית, גלויב מיר אויפן וואָרט:
מיט רייד וועסטו זיין אויפרעגונג פאַרמערן.

### שלומית

אַזוי האָט ער געזאָגט? כ'בין אים צו לאַסט?
איך וועל אים איבערפרעגן...

### יוסף

פרעג נישט איבער.
ביי זיין געמיט איז יעדער אים צו לאַסט.

### שלומית

אַרומגערינגלט איז ער בלויז מיט שונאים,
אַ גאנצע וועלט מיט שונאים אַרום אים,
דאַן ווער, אויב נישט זיין שוועסטער, זאָל אים טרייסטן?

### יוסף

דו רעדסט צו מיר אַזוי, ווי איך וואָלט אויך
געוועזן אים אַ שונא.

### שלומית

אַז מיין ברודער
האָט יוספן דערוועלט צו זיין מיין מאַן —
איך דאָך מיין ברודער זיכער אין זיין פריינדשאַפט
און אַז מיין מאַן פאַרשטעלט מיר איצט דעם וועג —
דאַן טוט מיין מאַן געוויס דעם קעניגס ווילן.
איך וועל דאָ זיצן, יוסף, פאַר דער טיר
און וואַרטן, ביז מיין ברודער וועט דערפילן



מיין שווער געמיט און וועט אַרויס צו מיר.

יוסף אָפּ. שלומית — זעצט זיך.

פון שטענדיק אָן, פון ברודערס פרייד און ליידן
איז מיר מיין האַרץ דער אָנזאָגער געווען.
נישטאָ נאָך קיין געטרייערער שליח
אין דינסט פון ליבע, ווי אַ פרויען־האַרץ.
פון ווייטן האָב איך מיטגעפילט זיין ווייטאָק,
אויף מיילן — די רגעים פון געפאַר.
מיין האַרץ האָט אים באַגלייט אין די מלחמות,
אויף אינדן פון דעם שטורעמדיקן ים,
און איצט האָט מיך מיין האַרץ אַהער געטריבן
און האַלט מיך דאָ, ווי צוגעשמיט צום אָרט.
נאָר בלינד ביזטו, מיין האַרץ, דו קאָנסט ניט זאָגן,
פון טויזנטער געפאַרן אַרום אים
זאָל וועלכע זיין די ערשטע צום פאַרמיידן.
איך זיץ און לויער.

### מרים

אריינגעקומען.

קיינער איז נישטאָ?

### שלומית

און ווער זאָל זיין, אויב נישט דעם קעניגס שוועסטער?
פאַרלאַנגסטו, קעניגס פרוי, דיין מאַן צו זען?
ביזטו שוין ווען געווען אין שטייג פון טיגער?
געפערליך איז מיין ברודער אין זיין כעס!

### מרים

געפערליך קאָן ער זיין פאַר זיינע שונאים;
אַ מאַן און אַ געליבטער — פאַר זיין פרוי.

### שלומית

מען זאָגט אָבער, אַז ליבע איז פאַרגענגליך.
היינט בליט זי — און אויף מאָרגן וועלקט זי אָפּ.

### מרים

מען זאָגט אָבער, אַז אייביק איז די קנאה,

אַ גליק איז נאָר: די קנאָה האָט קיין ציין.

### שלומית

אַ טעות, מרים, אַז די קנאה בייסט ניט.
ס'איז ווערה דער ליבע, ווען זי פאַלט אַריין,
דער קנאה אין די ציין, אַן אומבאַשיצטע.

### מרים

וואָס מ'ינען דען, מיין שוועגערין, די רייד?

### שלומית

זיי מיינען גאָרנישט, פיל געליבטע מרים!
אַ משל...

### מרים

ווען מען וואוינט אין קעניגס הויז,
מען זיצט אין דער משפחה פון געקרוינטע,
איז בעסער, שלומית, ציילן יעדעס וואָרט.

### שלומית

פאַרגיב און שוין מיין קליינעם יחוס, מרים!
מיין פאָטער האָט נאָר צוגעהאַלטן פעסט,
די קרוין זאָל פון דיין זיידנס קאָפּ נישט פאַלן
און מיט זיין לעבן פאַר דעם זכות באַצאָלט.
און פזאַל און יוסף —ביידע מיינע ברידער
מיט שטאָלץ האָבן אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ,
באַשיצנדיק דעם כבוד פון יהודה.
און איך בין אין מיין ווינציקייט ניט מער,
ווי נאָר אַ שוועסטער פון מיין שטאָלצן ברודער.
וואָס דו אַליין, אָ, חשמונאים־פרוי!
האָסט איינגעשטימט צו טיילן זיין געלעגער.
פאַרגיב מיר, מרים!..

### מרים

נאָך אַזעלכע רייד



פאַרבלייבט מיר דאָ בכלל נישט וואָס צו טון מער!
לאָז גריסן הורדוסן אין זאָג: זיין פרוי
האָט נישט געקאָנט אים זען צוליב זיין שוועסטער.

*וויל אוועק. שלומית פאַרלויפט איר דעם וועג.*

### שלומית

ניין, מרים, שלומית גייט אַוועק פון דאַנען!
געוויס איז בילכער די געליבטע פרוי!
אַ שוועסטער טרעט דער מלכּה אָפּ דעם כבוד.

### הורדוס

*קומט אַריין, הערט זיך צו צו דער אַמפּעריי.*

וואָס טוט זיך דאָ? אַ שלאַכט פעלד דאָ געמאַכט?

### שלומית

ניין, ליבער ברודער. שלומית איז געקומען
זיך נאָכפרעגן אויף דיין געזונט. אויך מרים
האָט זיך פאַרבענקט נאָך איר געקרוינטן מאַן,
דעריבער, ברודער, וויל איך איך פאַרלאָזן,
ניט זיין קיין שטערונג דער פאַרליבטער פאָר. *אָפּ*

### מרים

וואָס איז געשען? זאָג, הורדוס, זאָג פאַר וואָס
האָט זיך צום בייזן דיין געמיט פאַרענדערט?
פאַר וואָס ביזטו דערצאָרנט קעגן מיר?

### הורדוס

דו, מרים, פרעגסט נאָך? דו? ווען דיין משפחה
האָט מיך אַרומגענומען ווי מיט רייפן
פון אָנגעגליטן שטאָל! ווען אומעטום,
פון אַלע זייטן לויערן אויף מיר
פון שונאימס הענט די אויסגעשפּרייטע נעצן!
דו קומסט צו מיר מיט אומשולדיקע רייד!

**מרים**

פון מיין משפחה זענען זייער ווייניק
פֿאַרבליבן שוין ביים לעבן. די, וואָס לעבן,
איז יעדער זייער טאָג ביי דיר אין האַנט.
וואָס קאָנען זיי דיר שלעכטס טון, קעניג הורדוס!
איך זע אָבער, אַז נישט נאָר מיין משפחה,
אַז חושד ביזטו אויך דיין אייגן ווייב.
צו קאָן מען דען די חשודים־קרענק פֿאַרהיילן
מיט גוטע רייד! וועסט סיי ווי סיי ניט גלויבן.
דעריבער איז מיין עצה — הער מיך אויס!
דערווייטער מיך צוזאַמען מיט די קינדער —
מיטביידע מיינע זין ביי דיר פון הויז.
כ'האָב מורא ס'זאָל נישט קומען צו קיין אומגליק.
כ'וועל דיר קיין קרומען וואָרט נישט זאָגן, הערסט?
און נישט צוליב הכנעה,ניין! מיין שטאָלץ
וועט מיינע ליפּן פֿאַר דער וועלט פֿאַרשליסן.

**הורדוס**

דאָס ווילסטו דאָך! און דאָס איז דיין באַגער,
אַרויסקריגן זיך פריי פון מיין השגחה,
צו קאָנען שפּרייטן נעצן קעגן מיר!
אַ', קאָן איך אייך, איר גזע חשמונאים,
וואָס טראָגן זייער מעסער אונטער זייד!
ס'וועט נישט געלינגען, ניין! די שפּיל איז אָפן!

**מרים**

באַדענק דיך, הורדוס, זינדיקסט מיט די רייד!

**הורדוס**

דו רעדסט פון זינד? דו, הייליקע נשמה,
וואָס האָט אַ פרעמדן מאַנסביל אויפן אויג?!

**מרים**

אין וואָס ביזטו מיר חושד, ווילדער קעניג?



**הורדוס**

כ'בין ווילד? אוי, קאָן מען ווילד ווערן מיט אייך!
דאָס בילד וואו איז? דיין זעלטענע קאַמייע
אויף העלפאַנד־ביין געמאָלן פון דעם גריך
טירעזיאוס? צו ליגט דען נישט אַצינד
דיין בילד אונטער אַנטאָניאוסעס קישן?
צו קוויקט ער נישט מיט אים זיין פרעכן אויג,
געזעטיגט מיט דעם לייב פון קלעאָפּאַטראַ?
כ'בין ווילד? עס האָט מיך ווילד געמאַכט דיין שפּאָט,
פון דיר איז צו דערוואַרטן צו זאָלסט טענען
אין דער מינוט אַפילו, אַז דו ליבסט מיך!

**מרים**

אַ ווײַלע פריער — אפשר: איצטער — ניין!
און, ווילסט מיך טויטן – טויט! נישט יעדער איינער
פון אונזער שטאַם דערשרעקט זיך פאַרן טויט
פאַרענטפערן זיך לאָזט מיר נישט מיין כבוד.

**הורדוס**

דיין פאַלשקייט ווילסטו אייהילן אין שטאָלץ!
זאָג! ווער האָט אים דיין בילד געשיקט? דיין מוטער?
מיט דיין הסכמה. יאָ? אַז ער זאָל זען
ווי שען דו ביזט און זאָל נאָך דיר באַגערן,
דיך מאַכן צו דער שפּיל פון זיין געלעגער,
אין מיר. דיין מאַן, אַראָפּהאַקן דעם קאָפּ?
וואָס שווייגסטו, מרים? ענטפער, מאַמעס טאָכטער!
שנייד אויף מיין האַרץ און גיס אים אָן מיט סם!
דו ווילסט פון מיר טנאַלויפן צו דעם אויסוואורף?
וואָס שווייגסטו, פרוי פון שטיין! איז דיין באַגער
איך זאָל פון דיר מיט אָנגעגליטע צוואַנגען
אַרויסרייסן דאָס וואָרט? אָ מרים, מרים!
פאַרלאָרענער גן־עדן מיינער, מרים!

ניט בייניק מיך מיט שטומקייט! האָב רחמנות
איבער מיין אומגליקליך־געקרוינטן קאָפּ!
וואָס טויג מיר קרוין, ווען דו האָסט מיך פאַרלאָזן?

### מרים

דו פייניקסט דיך אומזיסט. נאָר זאָל דיין פּיין
דיר זיין אַן אָפּצאָל פאַר די שווערע חדשים.

### הורדוס

איך ווייס, אַז איך בין ווילד. איך ווייס עס, מרים!
אַ מאַן, וואָס ליבט אַזוי ווי איך — איז ווילד.
איך ליב מיט גיפט, איך ליב מיט שלאַקס און דונער,
איך ליב געפערליך, מרים, נאָר איך ליב.
דו ווייסט עס וואויל, דו ווייסט עס אפשר בעסער
פון מיר אַליין...

### מרים

איך האָב אויף דיר רחמנות.

### הורדוס

וואָס?! בעסער שטעך מיך! נעם אַ שפּיז און שטעך!
נאָר אָן רחמנות, הערסט?

### מרים

איך האָב דיך פיינט!
מיין האַרץ האָסטו ביי מיר אַרויסגעריסן,
באַשפּיגן און געוואָרפן פאַר די הינט.
פאַרליבטער וואָלף! און וואָס ביזטו מיר חושד?
דיין יעדער ביס פון קנאה — איז דער טויט.
צו וועמען שיק איך בילדער? צו דעם רוימער?!
אַנטאָניאוסן באַט איך אָן מיין לייב?!



### הורדוס

דיין בילד איז אָבער פאָרט ביי אים. ס'איז אמת,
ניט אויסגעטראַכט. משוגע בין איך ניט!

### מרים

נו, אויב ס'איז וואָר, דאַן ווייי איז צו מיין כּבוד!
פון אים האָבן אַ שפּילצייג זיך געמאַכט
די שונאים דיינע, הורדוס!

### הורדוס

זאָל איך גלויבן?

### מרים

אדומי!

### הורדוס

חשמונאית! וואַרפט זיך אויף מרימען

### מרים

האַלט דיך ווייט!
ניט ריר מיך אָן, אדומי!

### הורדוס

כ'וועל דערשטיקן!
דערשטיקן דיך מיטביידע מיינע הענט!

### מרים

דערשטיק מיך, ליבסטער! שטיק מיך אָן רחמנות!
איך קאָן שוין מער ניט אויסהאַלטן די פּיין!

### הורדוס

מיין איינציקע, מיין האַרציקע, מיין ליבסטע!

גאָטס אומבאַגרייפליך ווערק אין מיינע הענט,
אַזעלכע שמוציקע, אַזעלכע גראָבע! זעצט זיך אויף דר'ערד
ניין, מרים, גלויב נישט אין מיין ווילדקייט, מרים!
אַ מענש בין איך, אַ מענש און פול חטאים
נאָר מיט אַ מענשליך האַרץ. אָט דאָ אין האַרצן,
דאָ וואַקסן בלומען, מרים בלומען וואַקסן,
פון זיי וואָלט איך אַ טעפּיק אויסגעשפּרייט
אַ טעפּיק, מרים, דו זאָלסט אים באַטרעטן.
נאָר מענשן, מרים זענען בייז. נאָר מענשן —
זיי האָבן אונזער גליק פאַרסמט, די מענשן!
הער, מרים, כ'וועל צעשמעטערן די נעץ
נישט שוינען מער דאָס לעבן פון מיין שונא.
ווי זיי, די שונאים, שוינען נישט מיין גליק!

## מרים

ניין, הורדוס, זאָלסט נישט נאָכגיין דעם שגיון.
דיין יונגע קרוין פאַרטונקל נישט מיט בייז!
כ'האָב אויך צו לייטן טענות, נאָר איך שטאַרק זיך,
איך ווייס: דיין רו — איז מיין; דיין רום — איז מיין,
כל זמן דו קוקסט פאָרויס און נישט אַהינטער.

## הורדוס

גערעכט, גערעכט, מיין ראַטגעבערין, מרים!
נישט איינמאָל האָט דיין עצה מיר געגליקט.
נישטאָ, נישטאָ קיין בייז! ס'איז נאָר אַ דמיון,
אַ שטורים־שוים אין בעכער מיט געטראַנק.
איך קוק פאָרויס, און נישט אַ הינטער מרים!
מיט שלמהן זיך פאַרמעסטן בין איך גרייט.
מיר שיינט דאָס ליכט פון נייעם בית המקדש.
גאָטס הויז וועט ווערן אויפגעבויט דורך מיר!
די בוימייסטער אַהער! העי, שוואָגער יוסף!



## מרים

און איך וועל דיר ניט שטערן אין דיין אַרבעט
און, יואָס דו טוסט, צום גוטן זאָל עס זיין.

מרים — אָפּ. פאַר דער טיר טרעפט זי זיך מיט
דער אריינגעקומענער שלומית. זיי מעסטן זיך אָפּ
מיט בליקן פון פאראכטונג.

## נ׳ית

פאַרגיב מיר, ברודער. כ'האָב מיין מאַן געבעטן
דערלויבן מיר אַרויסריידן אַ וואָרט,
און אויב נישט ריידן, בלויז אויף דיר אַ קוק טון.
ווייל פינצטער איז אין בענקשאַפט מיין געמיט.
ווי פינצטער ס'איז דיין אַנגעזיכט, מיין ברודער!

## הורדוס

דו וויינסט, מיין שוועסטער?

## שלומית

ווי זאָל איך זיך פרייען,
ווען שעה'ן דאַרף איך וואַרטן ביי דיין שוועל —
אַ בעטלערן אַ פרעמדע און אַ שטומע.
גערויבט האָט מיר אַ פרוי מיין ברודערס האַרץ,
פאַר מיר איז דאָרט קיין ווינקעלע פאַבליבן!
זיין אויער איז פאַרמאַכט פאַר מיינע רייד,
דאָרט קלינגט נאָר אָפּ דאָס ליד פון מרימס ליבע.
פון איר פאַרוויגט, מיין ברודער גייט אויף בלינד
אַנטקעגן טויזנט שטרויכלונגען און נעצן,
וואָס בייזע שונאים שפרייטן אַרום אים.

## הורדוס

אויף מרימן — קיין וואָרט. צו מיינע שונאים
זאָל מרים נישט פאַררעכנט ווערן, הערסט?

### שלומית

איר רעד אויף איר קיין בייז נישט, ברודער הורדוס.
כ׳האָב דען געזאָגט, אַז מרים האָט געוואוסט
אין וועמעס הענט איר בילד וועט זיך געפינען,
אַ דאַנק דער פלינקער שליחות פון איר מוטער?
איך ווייס אָבער וואָס הייסט אַ שוועסטערס האַרץ
און מרים איז דאָך אויך אַ שוועסטער, הורדוס,
אַ שוועסטער צו דעם יונגן כהן־גדול —
דער שפּילצייג אין דער מוטערס פלינקע הענט.

### הורדוס

צו מיינסטו דען צו זאָגן, אַז אויך מרים
איז אין דער מוטערס בייזער שפּיל פאַרמישט?
דאַן זאָג! ניין, ניין! דערוועג דיך נישט צו ריידן,
וועסט נאָר מיין כעס דערוועקן קעגן זיך!

### שלומית

ניין, ברודער, כ׳וועל אויף מרימען נישט ריידן,
ווייל, אויב זי טראָגט אַ סוד — איז ער איר שווער.
אַ פרוי און שוועסטער — קאָן זי נישט צערייסן
איר האַרץ אויף צווייען, ליידט זי אין דער שטיל.
נאָר דאָס, וואָס זי פאַרבאָרגט, קאָן איך אַנטפּלעקן.
איך האָב נאָר איינעם: דו ביזט עס ביי מיר.

### הורדוס

אַ ברכה איז פאַר מיר דיין טרייהייט, שוועסטער!

### שלומית

און פאַר מיין האַרץ — אַ היילונג דיינע רייד.
פאַר וואָס ביזטו מיך, ברודער, נישט מקרב?
און שענקסט מיר אַזוי זעלטן אַ גוט וואָרט:
זע, צוליב דיר איך ציר מיר אין מיין צירונג
און צוליב דיר באַזאַלב איך מיינע האָר.



בין איך דאָך נישט די ערגסטע פון הי פרויען,
איך זאָל פאַרצווייפלט בענקען נאָך אַ גלעט
מיין לייב איז ריין, ווי ריין ס׳איז מיין נשמה.
איך האָב אַ מאַן — מיין האַרץ פון אים איז ווייט
בין איך דען שולדיק, אַז מיין פלאַם פון ליבע
איז נאָר אָן דיר באַהאָפטן?

### הורדוס

שוועסטער, שוויג!
נישט אידיש איז און זינדיק איז דיין ליבע,
זי פאַסט פאַר די תלמים, נישט פאַר אונז!

### שלומית

נישט זינדיק בין איך, ברודער מיינער, הורדוס!
איך ווער אַליין פון אייגן פלאַם פאַרברענט
און טראָג דעם צוים פון שוועסטערליכער ליבע,
נאָר אויב אַ ברודער קאָן קיין מאַן נישט זיין,
דאַן זיי מיר כאָטש אַ גאָט, אַ האַר, אַ קעניג
און איך — די טרייע דינסט ביי דיינע פיס.
דיין אויג, וואָס היט דיך אָפּ פון די געפאַרן,
דיין אויער, וואָס דערהערט, ווי ס׳רעדן ווענט.
און ס׳רעדן ווענט, מיין ברודער, רעדן הילכיק:
דער יונגער כהן שטעלט זיך דיר אין וועג,
ס׳איז צוגעבויגט דאָס פאָלק צום חשמונאי.
זיין יונגע תפילה איז פאַר אים אַ זיג.

### הורדוס

פאַר אים? איך מיין, אַז גיבער פאַר זיין מוטער,
וואָס שאַרט די הייסע קוילן מיט זיין האַנט.
צום ערשטן מאָל עס קומט מיר אויס צו קעמפן
נישט מיט קיין העלד אין פעלד נאָר מיט אַ קינד,
וואָס הינטער אים דער שונא מייגער לויערט.
צום ערשטן מאָל איך שטיי אין שלאַכט פאַרלעגן:

ווי הויבט מען אויף די שווערד קעגן אַ קינד
וואָס קוקט אויף מיר מיט אומשולדיקע אויגן;
איך וואַרט. אָבער מיין וואַרטן האָט אַ ברעג.

### שלומית

צום ברעג איז שוין געקומען, ברודער־קעניג
דערשפּירט האָט אַלעקסאַנדראַ די געפאַר,
וואָס לויערט אין דיין שווייגן און דיין וואַרטן
און גרייט איז זי צו לויפן קיין מצרים.

### הורדוס

ווען גאָט אין הימל שיקט איר אַזאַ דעה!

### שלומית

זי וויל אָבער אַנטלויפן נישט אַליין,
נאָר מיטנעמען דעם יונגן כהן גדול,
דעם יונגן אַריסטאָבול חשמונאי.
פאַרשטייסטו, ברודער־קעניג, דעם באַדייט?

### הורדוס

ס'איז קלאָר. דער כהן־גדול פון יהודה
אין שוץ פון קלעאָפּאַטראַ מיט איר חייל!
אַנטאָניאוס, צום איבעררייַדן לייכטער —
באַשאָנקען מיטן בילד פון קעניגס פרוי:
זע, רוימער, וועלכע רויב צו קאָנסט דערוואַרטן!
צו וואָר, עס איז אַ טייוולשער פאַרנעם!
און מרים האָט געוואוסט און האָט געשוויגן?

### שלומית

כ'האָב נישט געזאָגט, אַז מרים האָט געוואוסט,
נאָר אויב זי האָט געוואוסט, איז זי אַ שוועסטער...
אַ שוועסטער, הורדוס, נעמט אַרום דיין האַלז,
אַ שוועסטער, הורדוס, בענקט נאָך דיינע קושן,
די ברידערליכע קושן פון אַ מאָל. האַלזט אים. קושט.



### הורדוס

ביי, שוועסטער, שיק דיין מאַן צו מיר וואָס גיכער!

### שלומית

מיין ברודער, שטעל אָן איילעניש דיין טריט!
וואָס ווילסטו טון? מיך שרעקט דיין ווילדער צאָרן.

### הורדוס

ביי, שוועסטער, שיק מיר יוספן אַריין
שלומית — אָפּ.

דיין וואָרזעאונג איז אויסגעפירט, מנחם!
איך טראָג יהודהס קרוין. אָבער ווי לאַנג,
ווי לאַנג וועט זי נאָך שיינען אויף מיין שטערן?
געשייטער איז מיין פיינט ווי כ'האָב געמיינט
און נענטער די געפאָר, ווי כ'האָב גערעכנט.
פון אומשולדיקע אויגן קוקט מיין טויט
און ס'הענגט אַראָפּ מיין האַנט, ווי אַ געליימטע.

### יוסף

אריינגעקומען.

האָסט מיך גערופן, קעניג? זאָל איך הייסן
די בוימייסטער אַריינקומען אַהער?

### הורדוס

ווי? וואָס? די בוימייסטער? פון וואַנען, יוסף?

### יוסף

צו גייסטו דען נישט אויפריכטן גאָטס הויז?

### הורדוס

ניין, ניין! נאָכנישט! דו האָסט פון אים אַ תשובה?
עס הענגט איצט מיין מנוחה אויף זיין וואָרט.

**יוסף**

אַ תשובה פון מנחמען? איך האָב זי.
צו אַלט איז ער און שוואַך אַליין צו קומען.
ער זאָגט: דיך וועט באַנוגענען זיין שריפט.
דערלאַנגט הורדוסן דעם בריוו

**הורדוס** לעזט.

„וועסט הערשן אַזוי לאַנג, ווי דו וועסט וואַגן.
מיט ריינע הענט רעגירט מען נישט, מיין זון.“
גוט כ'האָב געוואַגט! הער, שוואָגער מיינער, יוסף!
דו ביזט מיר טריי?

**יוסף**

דו צווייפלסט נאָך אין דעם?

**הורדוס**

דו ביזט מיר טריי. איך זע. נאָר ס'איז מיר ווייניק.
איך זוך אַ פריינט אין דיר, אַ גרויסן פריינט,
וואָס זאָל מיין האַרץ אין זיינע אָרעמס טראָגן
און פון מיין ווי זיך אָפּגיסן מיט בלוט.
אַ פריינט, וואָס זאָל אויף מיילן־ווייט דערפילן
מיין רוף צו אים און דאַן מיין ווילן טון.
דו ווייסט דאָך וואויל, ווי טייער ס'איז מיר מרים.
איך שטיי אין קאַמף, די ליבע מאַכט מיך שוואַך.
אָ, העלף מיר, פריינט, באַוואָרענען איר גורל!

**יוסף**

קעמף מוטיק, הורדוס! קיין זאַך זאָל נישט בינדן
דיין שטאַרקע האַנט! דיין ווילן וועל איך טון!

**הורדוס**

אָ, ווען איר הער דיין וואָרט און קריג דיין האַנט,
אַז, אויב אין קאַמף איז מיר באַשערט צו פאַלן,
וועסטו מיין ווילן טון!



**יוסף**

איך גיב מיין האַרץ!

**הורדוס**

אַז אויב אין קאַמף איז מיר באַשערט צו פאַלן,
וועט מרים גלייך נאָך מיר אין קבר גיין!
איך האָב דיין וואָרט!

**יוסף**

אָ, נעם בעסער מיין קאָפּ!
מיט פרייד וועל איך אים בויגן פאַרן תּליון!

**הורדוס**

ביזט ווייניג מוטיק?

**יוסף**

איך בין טריי גענוג.
דאָך נעם איך אָן די טויט־שטראָף ווי אַ חסד.

**הורדוס**

נישטאָ קיין צייט צו שטאַרבן, ווען עס לויערט
דאָס אומגליק ביי די שוועלן פון מיין הויז.
איך האָב דיין צוזאָג. נעם דעם קעניגס ווערטער,
פאַרשליגג זיי און פאַרזיגל אין דיין האַרץ
און זאָלן זיי נישט אויפקומען פאַר לייטן.

**יוסף**

איך הער און שטום.

**הורדוס**

וואָס נאָך האָב איך געוואָלט?
צו קאָנסטו נישט צו הילף זיין מיין זכרון?

### יוסף

די בוימייסטער...

### הורדוס

זיי וואַרטן, יאָ, איך ווייס.
ס'איז נישט קיין פעסטונג, שוואָגער מיינער יוסף,
געטורעמט אויף אַ ווייל און אין געאייל.
דאָס הויז פון גאָט זאָל אויפשטייגן אויף דורות, —
און לייכטן אין יהודה, ווי די זון —
צו דעם באַדאַרף זיך הורדוס לאַנג נאָך גרייטן
און וואַשן ריין זיין האַרץ און זיינע הענט.
איך מוז נאָך וואַרטן, גאָט! ווי קאָן איך בויען,
ווען כ'האָב צו זיך אַליין נישט קיין פאַרטרויען?

פאָרהאַנג.

---



# דריטער אקט

## ערשטער אויפצי

(קריגס־געצעלט אין לאַדיקע. אַנטאָניאוס און קלעאָפּאַטראַ זיצן אויף אַ געלעגער פון אַנגעלייגטע קישנס. קלעאָפּאַטראַ אַנגעברוגזט. אַנטאָניאוס האַלט זיין קאָפּ אויף איר שויס. אין זיין אַראָפּגעהאַנגענער האַנט אַ ליידיקער בעכער. אין ווינקל געצעלט זיצט אַ ברוין־הויטיק פּאַסטוכל מיט אַ ציגנפעל אויף די לענדן און שפּילט אויף אַ פייפל. דאָס שפּילן הערט זיך נאָך פאַרן אויפצי.

### פאסטוכל (ווישט אָפּ די ליפּן).

נישטאָ שוין מער קיין ווײַן און די ליפּן זענען מיר טרוקן מאַן מיט די רויטע האָר! דו האָסט שוין מער קיין ווײַן נישט? איך קאָן דאָך דיך, מאַן, מיט די רויטע האָר! דו קומסט פון דעם לאַנד, וואו מען רייבט זיך די קני מיט זאַפרען.

### קלעאָפּאטרא

און וואו האָט עס אַנטאָניאוס אויסגעפונען אַזאַ יונגען זויפער, אַזאַ פאַסיקן חבר צום געטראַנק?

### אנטאניאוס

הינטערן לאַגער, מיין טייערסטע, האָט ער געפּאַשעט זיינע ציגן. כ'האָב אים פאַרנאַרט אַהער. זאָל ער אונז פייפן. זאָג נאָר, קליין פּאַסטוכל, ווער איז דיין טאַטע?

### פאַסטוכל

איך האָב נישט קיין טאַטן. אַלע זענען מיינע טאַטעס, די וואָס לאָזן מיר ארויף נעכטיקן אויפן דאַך און איך פּאַשע דערפאַר זייערע ציגן. רופן מיך טאַקי די קינדער פון דאָרף: דעם ציגנבאָקס אינגל.

### אנטאניאוס

אויסגעצייכנט! זע, מיין ליבסטע, ס'אַר אַן אוצר איך האָב אויסגעפונען! שענק כאָטש אים אַ שמייכל, אויב נישט מיר! און וואָס, מיין קליין פאַסטוכל, זאָגט אויף דעם דער ציגנבאָק אַליין?

### פאַסטוכל

דער ציגנבאָק לעבט שוין נישט. אויף די עלטערע יאָרן זיך אנגעטרונקען מיט וויין, אראָפּגעפאַלן פון באַרג און צעשאָטן זיינע ביינדלאך. גיי איך אויף זיין קבר און שפּיל אויף מיין פייפל.

### אנטאניאוס

וועסט אונז מיטנעמען אויף זיין קבר?

### פאַסטוכל

אויב דו וועסט ברענגען וויין אַ סאך. מאַן מיט די רויטע האָר! דו האָסט נישט אזוי פיל האָר אויפן קאָפּ, וויפל לאָגלען וויין עס ווערן דאָ־ט אויסגעטרונקען און די לאָגלען צעבראכן אן זיין שטיינער־נער מצבה!

### קלעאפאטרא

און ווער איז דיין מאמע, פאַסטוכל?

### פאַסטוכל

אָ! מיין מאַמען האָב איך ליב, נאָר איך דערקען זי נישט. אין איך קוק אויף די ווייבער און מיידן פון דאָרף און שמעק צו זייערע לייבער. אפשר די? אפשר די? זיי זאגן נישט אויס און אַ מאָל קוקן זיי אויף מיר אזוי, אַז מיר דוכט זיך: אַלע זענען מיינע מאַמעס.



### קלעאפאטרא

האסטו דיין מאַמען נישט געקאנט?

### פאַסטוכל

זי קומט צו מיר ביי דער נאַכט אויפן דאַך ארויף. אַ בלאַסע און אַ וואַרימע, אָן אַ צודעק אויף איר שמעקעדיקן לייב, ווייל זי גנבט זיך ארויס פון איר געלעגער. און איר לייב שמעקט מיט פרישן מילך, און אירע האָר – מיט אַלטן וויין, און זי נעמט מיך אַרום און דערוואַרימט מיך, און איך טרינק מיך אָן מיט איר מילך און מיט איר וויין אין אַלע אינדערפרי בין איך זאַט און איך בין שיכור.

### אנטאָניאוס

דערצייל, מיין פאַסטוכל, דערצייל! ניין, שלאָג נישט איבער, קלעאָפּאַטראַ!

(קומט אריין ערנסט דער קריגסמאַן, פאַסטוכל דער־
שרעקט זיך און טוט א פאַל ארויס הינטערן געצעלט,
דורכן פאָרהאַנג)

### קריגסמאַן

אַנטאָניאוס, די קריגסלייט זענען גרייט!<br>
אין פולן וואָפן שטייען די קאָהאָרטעס<br>
און וואַרטן אויף דיין וואָרט און דיין באַפעל!

### אנטאָניאוס

זיי וואַרטן? גוט. די שלאַכט וועט נישט אַנטלויפן.<br>
און קיינער וועט נישט אויסמיידן דעם טויט,<br>
פון די, וואָס יאָגן זיך נאָך אים. נאָר איצט,<br>
ווען כ'ליג מיר דאָ צעלייגט אויף ווייכע קישנס,<br>
מאָג וואַרטן די געשיכטע אין געשפּאַן.<br>
איך האָב מיט איר אַן אָפּמאַך: איך בין אירער,<br>
די רגע פרייד זאָל אָבער מיינע זיין.

דערלאַנג נאָך וויין, מיין ריטערליכער עראָס,
אַ קרוג מיט שקאַרקן, זעלנערישן וויין!

קריגסמאַן אָפּ.

וואוהין איז אונזער פאַסטוכל אַנטרונען?
כאַ־כאַ! ס׳איז אַ פאַרבלענדעניש געווען!
אַ ליבער גאַסט פון אויסגעטראַכטע וועלטן!
ס׳איז פיין! ס׳איז וואויל! מיט דיר, אָ, קלעאָפּאַטראַ,
פאַרוואַנדלט זיך דאָס קריגס־פעלד אין אַ חלום
און די מלחמה — אין אַ שיכּור־טאַנץ!

וויל זי קושן

**קלעאָפּאַטרא**

נישט ריר מיך אָן מיט דיינע ליפּן, רוימער! —
או—ו, וויין־זויפער! זיי וויסן: כ׳האָס דיך פיינט!
מיין ליבּ איז אויך נאָר וויין פאַר דיר צום זויפן
דו גיסט נישט נאָך מיין מינדעסטן פאַרלאַנג,
באַשטייסט נישט אויף מיין קלענסטן פאַרגעניגן!

**אַנטאָניאוס**

אויב דאָס איז פאַרגעניגן: האַקן קעפּ,
דאַן נעם אַ שווערד און קום מיט מיר אין שלאַכט־פעלד,
פאַרוואַנדל נישט אין שעכט־הויז מיין געצעלט!

**קלעאָפּאַטרא**

איך וויל זיין קאָפּ! זיין קאָפּ איך מוז באַקומען!
דו ווייסט דאָך ווי געפּייניגט ווערט אַ פרוי,
אין בּראַנד פון נישט געזעטיגטע באַגערן.

**אַנטאָניאוס**

איך ווייס, נאָר איינס איז דאָך פאַר מיר נישט קלאָר:
וואָס טויג זיין קאָפּ, ווען אָפּגעהאַקט פון קערפּער.
גלויב מיר: זיין קאָפּ איז צוגעפּאַסט צו אים.
דאָס איז אַ מאַן מיט קערפּערליכע מעלות.



און, אויבּ דו זאָגסט מיר נאָר: איך וויל זיין גוף —
זיי זיכער: בלויז דעם קאָפּ ווּעסטו באַקומען

**קלעאָפּאַטרא**

פון דיר האָט מען, אַנטאָניאוס, דערוואַרט
צו הערן מער, ווי זעלנערישע חכמות.
און, אויבּ איך וויל זיין קאָפּ, איז עס דערפאַר,
ווייל ס׳קלאָגט אים אָן זיין שוויגער אַלעקסאַנדרא.
עס רייסט מיין האַרץ דער יאָמער פון אַ פרוי,
ווען דו ביזט טויבּ, באַשיצער פון די שוואַכע!

**אַנטאָניאוס**

איך ווייס, זי קלאָגט אים אָן אין אַ פאַרבּרעך,
וואָס קאָן נישט אָפּגיין גלאַט. זי שרייט, אַז הורדוס
האָט אומגעבּראַכט איר זון — דעם כהן גדול,
באַפוילן צו דערטרינקען אים אין שווים־באָד.
געוויס וואָלט דאָס געווען אַ רציחה,
צו קאָן אָבּער די מוטער אירע חשדים
באַפעסטיקן דורך עדות און באַווייז?

**קלעאָפּאַטרא**

באַדאַרפסטו קעגן הורדוסן באַווייזן
נאָך שטאַרקערע ווי אַריסטאָבּולס טויט?

**אַנטאָניאוס**

און אויבּ דאָס איז אַן אומגליקליכער צופאַל
און הורדוס ווערט אַ קרבּן פון איר חשד?
זאָל איך מיין האַנט אין ריינעם בלוט באַפלעקן?
מיין האַנט, וואָס האָט אים אָנגעטון די קרוין,
זאָל אים זי אויסטון מיט זיין קאָפּ צוזאַמען?
צו אייליק איז, מיין ליבּסטע, דיין פאַרלאַנג!

**קלעאָפּאַטרא**

איך גיבּ דיר נאָך אין וויכטיגערע זאַכן.
און, וואָס פאַרלאַנג איך דען ביי דיר? זיין קאָפּ!

### אנטאָניאוס

זיין קאָפּ און אויך אַ חלק לאַנד, פאַרשטייט זיך,
דעם טייל פון פאַלמען־וואַלד און באַלזאַם־בוימער,
וואָס בלייבן אָן אַ יורש נאָך זיין טויט.

### קלעאָפּאטרא

אנטאָניאוס, דער הערשער פון געקרוינטע,
פאַ־טיילט פאַרמעגנס מיט אַ ברייטער האַנט.
פארוואָס זאָל קלעאָפּאַטרא נישט געניסן?

### אנטאָניאוס

אָהאָ, מיין גיפטיק שלענגעלע, ווי זיס,
ווי זיס עס איז צו האַלטן אין די אָרעמס
דאָס גרעסטע פון פאַרברעכנס אין דער וועלט,
וואָס אָטעמט איבער דיר מיט טויט און ליבע!
דערציילֿ, מיין קינד, דערציילֿ דעם זעלנער דיינעם,
פילֿ מאָל האָסטו מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ
דיר אויסגעשמירט די פינגערלאַך די צאַרטע?
נישט איידל איז מיין זעלנעריש געשמאַק!

### קלעאָפּאטרא

דו זאָגסט דאָך, אַז עס רייצט דיינע געבליטן.
דו זאָגסט דאָך, אַז דיין ליבע פלאַקערט אויף.
דאַן גיב מיר נאָך און טו צוליב דעם זעלנער.

### אנטאָניאוס

נישט נאָכגעבן איז אויך פון גרויסן ווערט
דעם זעלנער רייצט עס מער...

### קלעאָפּאטרא

דו ביזט מיין שונא.

איך האָב דיך פיינט.



### אנטאָניאוס

ווערסטו דיך איבערבעטן

### קלעאָפּאטרא

ס'איז לאַנג צו וואַרטן.

### אנטאָניאוס

הער, דו צאַרטע פרוי,
די פינגער מיינע – זעסט, ווי האַרטע צוואַנגען
און דאָך ווי ווייך זיי קלאַמערן דיין האַלז.
ווי מיינסטו, קינד מיינס, גרויס איז דער באַטרעף
אַ דריק צו טאָן די פלינל פון דיין אָטעם,
קיין האָן זאָל נישט אַ קריי טון. שלאָף געזונט!
ביים דעק פון ליבע צאַפּלט זיך מיין האַס.
אין זומפּ-פון תאוה ראַנגלט זיך מיין עקל.
דו האַלסט זיי אָן ביים לעבן מיט דיין וואָרט.
און ווערסטו שלאנג, דאַן קאָן איך טיגער ווערן.
דו ווילסט מיך בייסן? בייס!

דריקט זי צוזאַמען

### קלעאָפּאטרא

איך ווער דערשטיקט!
צעברעכסט מיר מיינע קעניגליכע ביינער,
דעם אַלטן, דעם תּלמיאַישן קרישטאָל.

### אנטאָניאוס

וואָס דו אַליין האָסט זיין געשיר צעבראָכן.
וואו זענען דיינע ברידער, קלעאָפּאַטראַ!
האָסט, ליבנדיק, זיי אָבגעשיקט צום טויט?

### קלעאָפּאטרא

דו ווייסט דאָך: ווען איך האָב ליב — דעם טויט איך.
דו דאַרפסט דיך שרעקן.

### אַנטאָניאוס

גיפּטיק איז דיין ביס.
ביזט גרייט צו שענקען הורדוסן אַ שמייכל
אום אויסצונאַרן פון מיין האַנט זיין קאָפּ.
איך קאָן דיך וואויל. און דאָך – איך פיל מיך גליקליך,
דו האַלסט מיך וואַך ביים ברעג פון טיפן תהום,
אין קוק אַראָפּ און ס'שווינדלט פאַר די אויגן.

### קריגסמאַן

(אריינגעקומען מיט אַ קרוג ווין. גיסט אָן אַנטאָניאוס בעכער.)

די לעגיאָנערן ווערן אומגעדולדיק.
מען טאָר צו לאַנג נישט אָנציען די פייל,
וואָס האַלט געשפּאַנט און לאָזט נישט אָפּ דעם בויגן.
אין דרייסיק ציילן, טויזנט מאַן אַ צייל,
דיך רופן אַלע זעכציק טויזנט אויגן!

### אַנטאַניאוס

איך ווייס, איך ווייס מיין ריטערליכער עראָס,
איך ווייס נאָך מער פאַר דיר. די גאַנצע וועלט,
פון אַלביאָן ביז כינאַ, פון די סקיטן
ביז אפריקאַ איז, כלעבן, גאָר נישט ווערט,
ווען מען פאַרגלייכט זי מיט אַ וועלט אַ צווייטער,
דער וועלט פון מיין געצעלט אין זיבן שפּאַן.
אין יענער וועלט אַ זיגער. בין איך דאָ
אין שווערן קאמף פאַר זיין אָדער ניט זיין.
און ליבער, זיסער, פיל אינטערעסאַנטער
איז מיר דער קאמף אויף טויט און לעבן דאָ,
ווי דאָרט מיט אייך צו טיילן לייכטע טריאומפן.
גיי, עראָס, שיק מיר הורדוסן אַריין!

(קריגסמאַן אָפּ)

דו וועסט שוין זיין צעפרידן, קלעאָפּאַטראַ!



### קלעאָפּאַטרא

כ'וועל זיין צעפרידן, האַלטנדיק זיין קאָפּ.

(גייט אריין הורדוס. אין באַשיידענע קליידער. אָן אַ שווערד. די קרוין האַלט ער אין דער האַנט. דעם קאָפּ — שטאָלץ אויפגעהויבן).

### הורדוס

אַנטאָניאוס, מיין הערשער, זיי באַגריסט!
אויך דו, מצרימס צירונג, קלעאָפּאַטרא.
ס'קומט אויס אַ מאַן צו שטיין אין גרויס געפאַר,
דאַן שטיצן אים זיין וואָפן און זיין האָפן.
איך האָב זיי ביידע נישט. איך שטיי פאַר דיר,
אַנטאָניאוס, און קוק אין דיינע אויגן
אָן שרעק און אָן תחנונים און איך וואַרט.
נאָר איידער עס וועט קלאָר ווערן מיין גורל
איך לייג אַוועק מיין קרוין צו דיינע פיס,
יהודהס קרוין, וואָס דו האָסט מיר געשאָנקען,
אין גוטן מיין, אַז הורדוס איז זי ווערט.
איך בין זי ווערט געווען, כל־זמן דיין צוטרוי
צו מיר איז ווי אַ פעלזנוואַנט געווען.
איך בין זי מער נישט ווערט, ווען אין דיין האַרצן
האָט זיך אַ חשד פאַרקליבן קעגן מיר.

### אַנטאָניאוס

צו איילִיק ביזטו, קעניג פון יהודה
פאַר דיין געביטער אויסצעטון די קרוין!

### הורדוס

וואָס טויג מיר קרוין, ווען איך האָב מער פאַרלאָרן!
די פעסטונג פון דיין צוטרוי און דיין פריינדשאַפט.
איך בין אַ קריגער, וואָס פאַרשפּילט די שלאַכט,
דאָך בלייב איך מאַן ביט אַלע מיינע חושים,

און, ווי אַ מאַן איצט מעסט איך מיין פאַרלוסט.
ווען ס'גילטן שוין נישט מער די פיל באַווייזן
פון הורדוסעס עקשנותדיקער טריישאַפט
אין שווערע שלאַכטן מיט די פיינט פון רוים,
ווען הפקר זענען הורדוסעס פאַרדינסטן
און טרייע הילף צו רוימישע חיילות
און אַלע דיינע שווערע מדבר־גענג,
ווען הורדוס האָט דערלעבט, אַז פון אַ בלבול,
געבוירן אין אַ ווייבערישן קאָפ
און אויסגעפויקט דורך ווייבערישע צינגער,
זאָל אונטערגיין די חשיבות פון זיין נאָמען—
דאַן איז נישטאָ קיין פריינדשאַפט אויף דער וועלט!
דאַן האָב איך נאָר די קרוין צו שפּאַס געטראָגן!
זי ברענט מיין שטערן. נעם זי דיר צוריק!

(אַנטאָניאוס טראַכט און באַשליסט. זיין בליק
פאַלט אויפן בעכער וויין. ער נעמט דעם
בעכער און דערלאַנגט הורדוסן).

### אַנטאָניאוס

טרינק, מלך הורדוס, טרינק פאַר מיין געזונט!

### הורדוס

נעמט דעם בעכער

דערהויבענער אַנטאָניאוס, איך טרינק.
קיין מלך מער. אַ מאַן, וואָס איז געצוואונגען
פאַרוועסרן די ביטערקייט פון גאַל.

(טרינקט)

### אַנטאַניאוס (צו קלעאָפּאַטראַ)

זעסט, ליבסטע מיינע! דער, וואָס נעמט דעם בעכער
פון ריכטערס האַנט און טרינקט פון אים מיט צוטרוי
דאַן ווייס; ביי דעם איז דאָס געוויסן ריין.

(פילט אָן דעם בעכער)



איך טרינק פאַר דיין געזונט, מיין ליבער הורדוס!
און הער מיין אורטייל: קעניג און רעגיר,
געוועלטיקט ווידער אין דעם לאַנד יהודה,
אַזוי ווי דו האָסט ביז אַהער געוועלטיגט.

(טוט אים אָן די קרוין)

געפערליך איז די ווייבערישע צונג!
דאָך דאַרפן מיר קיין מענער זיך נישט רופן,
אויב אונזער פריינדשאַפט זאָל נישט גובר זיין.
זאָל רוים מיך משפטן, אויב כ'האָב פאַרזינדיקט
דורך דעם, וואָס איך געווין צוריק זיין פריינט.
און נאָך וועל איך דיך דאַנקן, קעניג הורדוס,
דערמאָנסט מיר אָן מיין פליכט פון מאַן און רוימער.
דיין וואָרט האָט מיך פון הינערפלעט געוועקט.
אַוועק פון מיר, איר אויסגעצירטע קישנס,
חברים פון צעלאָזנקייט, אַוועק!
צו שלאַכט באַוואָפנט וואַרטן לעגיאָנען
און איך וואָס טו איך דאָ, אין דעם געצעלט?
העי, עראָס! גיב מיין שווערד! מיין שילד! מיין העלם!

(עראָס קומט אריין, דערלאַנגט אים די כלי־זין.
העלפט אים זיך אָנטון)

זאָג אָן די קריגסלייט, אַז דער פירער גייט.
אין פולן וואָפן צו דעם קריגס־באַגלייט!
דו, מלך הורדוס, בלייבסט מיין גאַסט מיין ליבער.
אויף קלעאָפּאַטרעס הענט איך לאָז דיך איבער!

(אַנטאָניאוס פאַרלאָזט דאָס געצעלט, פאַנפאַרן,
אייטע יובל־געשרייען. הורדוס און קלעאָ־
פּאַטרא הערן זיך צו).

### הורדוס

אַזוי נעמט אויף דער קערפּער די נשמה,
ווען גאָט האָט זי אריינגעהויכט אין אים.

### קלעאָפּאַטראַ

ער איז אַוועק צו זיי. באַלד קומט ער ווידער.
מיט טויזנט פעדים בינט אים דאָס געצעלט...
באַוויליג דיך צו זעצן, קעניג הורדוס.

### הורדוס

מיין קעניגן, איך דאַנק. איך וועל באַשטיין!

### קלעאָפּאַטראַ

דער פרוי איז שווער אויף מענער צו באַפעלן.
מיר הייסט אָבער מיין פליכט און איך באַפעל.

### הורדוס

דעם מאַן איז ליב דער פרויס באַפעל צו פאָלגן.

(וויל זיך זעצן.

### קלעאָפּאַטראַ

ניין, זעץ דיך, קעניג, נענטער נעבן מיר
אָט דאָ, צעפוסנס. קיינער זאָל נישט מיינען,
אַז קעניג הורדוס האָט אויף מיר אַ האַרץ.

### הורדוס

מיין האַרץ איז פול מיט איידעלער אַנטציקונג
פאַר דיר, דעם גרעסטן וואונדער פון דער וועלט,
דער צאַרטער פרוי, וואָס קעניגט איבער הערשער.

### קלעאָפּאַטראַ

ביזט העפליך, קעניג. איך וואָלט אָבער וועלן
זאָלסט עפענען פאַר פריינדליכקייט דיין האַרץ.
אַ פרוי — איך זוך די שוץ פון שטאַרקע מענער.

### הורדוס

אַנטאָניאוס אַמבעסטן האָט באַוויזן
ווי שוואַך עס איז דער שטאַרקסטער קעגן דיר.



### קלעאָפּאַטראַ

און דאָך בין איך זיך מודה, קעניג הורדוס;
איין מאַן האָט מיך באַזיגט. און דער — ביזטו.
כ'בין גרייט געווען צו גלויבן אַלעקסאַנדרען,
אַז גרויס איז. קעניג הורדוס, דיין פאַרברעך
נאָר הורדוס קומט אַריין און זאָגט און זיגט.
אַ מאַן, ווי דו, מוז בלייבן דער גערעכטער.

### הורדוס

די קעניגין טרייבט איבער מיינע מעלות.

### קלעאָפּאַטראַ

ניין, קעניג הורדוס. ניין! אַ מאַן ווי דו
פאַרדינט פון מיר די איידלסטע באַלוינונג,
נאָך דעם, ווי איך האָב שלעכט פון אים געמיינט.
פאַרלאַנג נאָר — און דיין שכר וועסטו באַקומען.

### הורדוס

ווען אָפן איז דיין האַנט מיך צו באַגליקן,
פאַרלאַנג איך. אַלס אַ לוין פאַר מיינע לייד,
אַ קוש צו טון די ברעגן פון דיין קלייד
און אויסגיין אין השטפּחות פון אַנטציקונג.

### קלעאָפּאַטראַ

צו ליגט אַ שטילער מיין אין דיינע רייד?

### הורדוס

צי קאָן איך נאָך פאַרלאַנגען?

### קלעאָפּאַטראַ

וועל איך הערן.

### הורדוס

פאַרטרוי איך דיר מיין איידלסטן באַגער:
איך וויל, אַז קלעאָפּאַטראַ זאָל מיר שענקען
די גאָלדענע קאָמייע מיט איר בילד,
צום אייביקן פאַרערן און געדענקען.

### קלעאָפּאַטרא

אָ, הורדוס, דו ביזט שטאַרק און דו ביזט מילד,
אַ מאַן אין שלאַכט, אַ יונגפרוי אין באַגערן!

טוט אים אָן די קאָמייע אויפן האַלז און לאָזט
שוין נישט אַרויס זיין קאָפּ פון אירע הענט.

ווי לייכט וואָלסטו געקאָנט אויף דיין פאַרלאַנג
דער פירער פון מיין לאַנד און חייל ווערן!
און דאָס איז דאָך מיין חלום שוין פון לאַנג!
אַז הורדוס קאָן אַ פעסטונג נעמען — ווייס איך.
פאַרהאַן, אָבער, אַ פעסטונג אין מיין ברוסט,
אַ חייל — אָט די אָרעמס מיינע הייסע
און זיי וואָלט הורדוס נאָכגעבן געמוזט.

### הורדוס באַפרייט זיך לאַנגזאַם פון אירע אָרעמס.

כ'האָב נאָכגעגעבן, קעניגן, דו זעסט.
ווער קאָן דען מיט דיין צויבער זיך פאַרמעסטן;
פאַרשיכורט פון דעם אָטעם פון דיין לייב,
דיין אייביק טרייער דינער וועל איך בלייבן.

### קלעאָפּאַטרא

און דאָך, מיין קעניג, ציסטו זיך צוריק,
ווען כ'עפן דיר דעם טויער פון גן־עדן;

### הורדוס

כ'האָב קיין מאָל נישט קיין צוטרוי צו מיין גליק,
דעריבער בין איך פאָרזיכטיק — באַשיידן.



אַ קעניג פון יהודה איז דיין קנעכט.
און גאָט האָט אים געפירט אין זיינע וועגן.
און איידער זיינע בריקן ער צעברעכט,
ער מוז ביים גאָט פון לאַנד אַן עצה פרעגן.

### קלעאָפּאַטרא

אָ, מענטש דו מענטש! פאַרשטויסט, וואָס דיר איז ליב.
און וואַרפסט דיין גליק — אַ קרבן פאַרן נילוס.

### הורדוס

פאַרגיב מיר, גרויסע קעניגן, פאַרגיב!
ביי מיר איז איצט די רעכטע צייט פון תפילה.

הורדוס פאַרנייגט זיך און שלייכט זיך אַרויס פון געצעלט.

### קלעאָפּאַטרא קוקט אויף אירע הענט און צעלאַכט זיך

אָ, לעכערדיקע זעק! איר הענט מיט שפּאַלטן!
דיין קאָפּ געהאַלטן, נישט געקאָנט דערהאַלטן!

פאָרהאַנג.

---

## צווייטער אויפצי

פּרים נייט אַ העמדל. טריפאָן זיצט ביי איר צופוסנס, שטעלט די האַרף. פרובט איבערקלייבן די סטרונעס.

### טריפאָן

הער אַ לידל, קעניגן!

זינגט און שפּילט צו.

ווען שמעון חשמונאי איז געריטן אויפן פעלד,
האָט געציטערט אונטער אים די ערד.
ווי אַ דונער פון די הימלען האָט געדונערט זיין כאַפּעל,
ווי אַ בליץ האָט געבלאַנקט זיין שווערד.
און דער שונא איז געלאָפן און געפאַלן צו די פיס

און געלעגן אין שטויב און שמאַכט.
מיינע וויינגערטנער צעטראָטן, מיינע איילבערטן פאַרוויסט,
מיין פאַרמעגן צו רויב געמאַכט!

### מרים

פון וואַנען קאָנסטו דאָס לידל, טריפאָן?

### טריפאָן

דאָס פאָלק זינגט. איך האָב דאָס איבערגענומען.

### מרים

און ווייסטו ווער איז געווען שמעון השמונאי?

### טריפאָן

אודאי אַ מלך, קעניגן. דאָס פאָלק האָט ליב טויטע מלכים. הער זשע ווייטער, קעניגן!

זינגט.

און ווען שמעון איז געקומען מיט נצחון און מיט גלאַנץ
האָט געיובלט און געדעשט די שטאָט.
און די טעכטער פון יהודה קענן אים האָבן געטאַנצט
און געדאַנקט און געגלויבט צו גאָט.
און אַז.... וועה איז מיר, קעניגן, דו וויינסט גאָר?

פון אַ פריילעך לידל וויינסטו? מער פעלט מיר נישט, ווען יוסף זאָל זיך דערוויסן, ווי אַזוי איך האָב מיין קעניגן פריילעך געמאַכט!

### מרים

נישט דיין שולד, ווען מיר איז אומעטיק. איך האָב צו דיר קיין טענות נישט. טוסט וואָס דו קאָנסט. אָבער דו קאָנסט נישט. פאַר וואָס האָט דיך דער קעניג נישט מיטגענומען אויף זיין נסיעה?

### טריפאָן

ער האָט געהאַט בדעה צו פאַרלאָזן זיך אַ באָרד. צו וואָס טויג אים דאַן אין וועג אַ באַרבירער? אַלע מאָל אַזוי. אָט איז ער אַ רוימער און אָט — ווידער אַ איד. אָבער אַ איד איז ער אַלע מאָל אויף צרות.



### מרים

וואָס מיינסטו דערמיט צו זאָגן?

### טריפאָן

ווען דער קעניג האָט צרות, פאַרלאָזט ער זיך אַ באָרד און באַקומט אַ אידיש אויסזען. הלוואי קומט ער צוריק אָן אַ באָרד, אַ פריילעכער.

### מרים

מיינסטו, דער קעניג וועט זיך אָנטרויען אַ פרעמדן גאָלמעסער?

### טריפאָן

מיין קעניגן! אַנטאָניאוס האָט זעלטענע באַרבירער. זייער מעסער שנייט אַ האָר אין דער לופט. מיט אַזאַ מעסער קאָנען זיי...

### מרים
שרייט אויס מיט אַ ווילד קול.

שווייג!

### יוסף
לויפט אריין.

האָט ווער גערופן? וואָס איז דאָ געשען,
מיין קעניגן?

### מרים

אַ... מויז פאַרבייגעלאָפן.

### יוסף

אַ מויז אין פאַלאַץ?

### טריפאָן

יאָ, אַ מויז אין פאַלאַץ.
באַשטראָף מיך, האַר, נאָר לאָז מיר אין אַ ווינקל
זיך ערגעץ וואו באַהאַלטן מיט מיין בושה

און אויסטרינקען מיין בושה ביזן דעק.
ווי קאָן איך דען מיין מלכה פרייליך מאַכן ?
כ'האָב נאָר דאָס מויל געעפנט, איז ביי מיר,
ביי מיר פון מויל אַ מויז אַרויסגעשפרונגען
און – צו דער מלכה אויף די קני

### יוסף

משוגע !

### טריפאָן

ניין, נישט משוגע, הערט אייך בעסער צו :
מייז קראַצן אין די ווענט הינטערן טעפיך !
מייז קראַצן אין דעם דעקל פון מיין שאַרבן !
ביי מיר, ביי אייך, ביי אַלע אין דעם הויז,
אין פינצטערע געהירן וואַקסט אַ שרץ :
ווייזט אויס: דער פּאַלאַץ איז געבויט אויף שפּייכלערס,
וואו שרצים ווערן פעט און דיק !

### יוסף

האַלט ס'מויל !

### מרים

נישט שטראָף אים שוואָגער יוסף, לאָז אים גיין.
פון זינט אין הויז דאָס אומגליק האָט געטראָפן,
פון אַריסטאָבולס טויט איז ער פאַרחושט
און ס'קומט אים אָפט אַ פינצטערע נבואה.
קאָנסט גיין, טריפאָן, דיין מלכה איז שוין פרייליך.

טריפאָן אָפּ נידערגעשלאָגן. קומט אַריין אַלעקסאַנדראַ.

### אלעקסאנדרא

האָט ווער געשריען, יוסף ?

### יוסף

קיינער נישט.



### אלעקסאנדרא

עס הענגט נאָך אין דער לופטן דער געשריי,
ווי ס'הענגט אַראָפּ אַ צווייג, פון בוים געבראָכן.
דאָס האַרץ איז מיר פאַרציטערט, יוסף, גיי,
זע נאָך, צו שטייט די וואַך אויף אירע פלעצער,
צו זענען גוט אַראָפּגעלאָזט די ריגלען,
צו טליעט נישט אַ פייער וואו אין הויז.
אַ תשובה דאַרפסטו געבן פאַרן מלך
פאַר אַלץ און אַלעמען. און דאָ איז נאַכט,
אין יעדן ווינקל לויערן די שרעקן.

### יוסף

כ'וועל גיין און נאָכזען, מוטער אַלעקסאַנדראַ.
נאָר ווייס : עס הערשט אַן אָרדענונג אין הויז.

אָפּ.

### אלעקסאנדרא

נו, גלויבסט נאָך אַלץ נישט, ליבע טאָכטער מרים,
אַז הורדוס איז געווען דיין ברודערס קאַט ?

### מרים

ניין, ניין !

### אלעקסאנדרא

דו הערסט ? דאָ שרייען דאָך די ווענט !!
און ווער האָט מיך געהויבן פון געלעגער,
אויב נישט זיין ביטער וויי־געשריי ? ס'געהערט ?

### מרים

כ'האָב נישט געהערט.

### אלעקסאנדרא

מיין זון האָט עס געשריען

פון שלאָף האָט מיך געריסן זיין געשריי:
גיי, אומגליקלעכע מאַמע, נעם נקמה,
נקמה פאַר מיין יונג צעבליטן לעבן,
אַזוי אָן זייט פאַרשניטן פון דער וועלט.
אַזוי אָן צייט פאַרשניטן! גיי צעברעך,
צעברעך די קרוין פון אכזר דעם אדומי!

### מרים

ניין, מוטער, מיש דעם קעניג נישט אַריין!

### אלעקסאנדרא

צעברעך די קרוין פון אַכזר דעם אדומי!
זאָל אונטערגיין יהודה צווישן פעלקער!
זאָל יעדער שונא אָפּרייסן אַ גליד,
אַן אבר מן החיי! וואָס טויג מיר לאַנד,
וואָס טויג מיר פאָלק, ווען כ'האָב מיין זון פאַרלאָרן!
די קרוין וועט מער ניט שיינען אויף זיין קאָפּ!

### מרים

יהודהס קרוין באַשיינט יהודהס קעניג!
ניט שולדיק איז מיין מאַן אין ברודערס טויט!
דו, מוטער, שווייג!

### אלעקסאנדרא

דאַן הערסטו מיינע ווערטער!
אין אונזער אומגליק פאַלט מיין חשד אויף דיר!
האָסט אויך אַ האַנט אין ברודערס טויט!

### מרים

שווייג מוטער!

### אלעקסאנדרא

האָסט אויך אַ האַנט אין דעם! האָסט נישט געוואָלט,
האָסט נישט פאַרגונען, אַז דער כהן־גדול
זאָל זיין דערהויבן און באַליבט ביים פאָלק,



זאָל אויפשטייגן אין מאַכט, און אַז יהודה
זאָל אָפּטרייסלען פון זיך דעם פרעמדן יאָך,
אום אָנצוטון די קרוין אַ חשמונאי.
ביזט נישט פון חשמונאים־בלוט, מיין טאָכטער,
כ'האָב דיך געבוירן אין אַ בייזער שעה!

### מרים

און אין אַ בייזער שעה דו צווינגסט מיך ריידן.
נישט מער דיין טאָכטער! קעניגן בין איך!
פאַרנויג דיין קאָפּ! פאַרדינט האָט ער צו פאַלן.
און, אויב איך שוין אים — זע דעריין אַ גנאָד!
ווי שטייסטו, פרוי! פאַרנויג דיך און פאַרציטער!
דיין זון, אויב נאָר זיין טויט איז נישט קיין צופאַל,
האָט קיינער נישט צום טויט געבראַכט, נאָר דו!
איך זע איצט איין, אַז האַלטן דיך אין קלעם
קאָן נאָר די האַנט, וואָס בלינצלט מיט אַ מעסער!
איך זע, אַז וואָס דער מלך טוט — איז רעכט.
ווי וואַגט איר, זאַמד און שטויב, די קעפּ דערהויבן,
צו מעסטן זיך אין כחות מיטן פעלז?
ווער, פרוי, ביזטו און ווער — דער קעניג הורדוס?
וואָס איז דיין גרויס, און וועלכער זיין פאַרנעם?
נאָר סם האָט דיר געקלעקט אַ נעץ צו שפּינען
און שקר אין דיין ברוסט אַ חשד צו וואַרפן
און צווינגען אים צו גיין זיך וואַשן ריין
פאַר פריינט און אומפריינט פון דיין בילבול־שקר!
נאָר וואַרט, ער וועט צעריק קערן אין גלאַנץ
און שטרענג, אָבער גערעכט וועט זיין זיין אָפּצאָל!

### אלעקסאנדרא

אָ, קעניגן, פאַרשפּרייט אויף מיר דיין גנאָד!
ווייל שטרענג וועט מיך באַשטראָפן דיין געביטער
און בלייבן ריין פאַר דיר און פאַר דער וועלט!...
מען וואַשט נישט אָפּ דאָס בלוט פון קינס צייכן!

פון שוואַרץ וועט מען נישט מאַכן ווידער ווייס!
זיי ווייסן, אַז דיין ליבער מאַן און קעניג
האָט שוין באַקומען זיין פאַרדינטן פסק!
עס קאָכט די שטאָט. עס רודערט אין די גאַסן:
אַנטאָניאוס האָט אים געטון זיין רעכט.
אַנטאָניאוס האָט אָפּגעמאָסטן יושר
אַ פולע מאָס – דיין מאַן און קעניגס קאָפּ!
איצט זעסטו שוין, מיין טאָכטער. ווער איז שולדיק?

## מרים

קומט לאַנגזאַם צו זיך.

אויב דאָס איז אמת... הער איך שוין אַליין,
ווי ס'יאָמערן די שטומע ווענט פון פּאַלאַץ.
און ווי זאָלן די שטיינער זיך נישט וועקן,
ווען ס'איז די זון פאַרגאַנגען אין יהודה!
ווען שרצים האָבן איינגעלייגט אַ באַרג!
אָ, פרייט אייך, שרצים! גרויס אייער נצחון!

## יוסף

אַריינגעלאָפן אויף אירע לעצטע ווערטער.

מיין קעניגן, איך בעט דיך, זיי באַרואיקט
ס'איז נאָך ניט זיכער. נאָך איז נישט באַוואוסט,
אַז הורדוס לעבט שוין נישט. ס'איז נאָר אַ קלאַנג.
ס'קאָן זיין – אַ פאַלשער קלאַנג, פאַרשפּרייט פון שונאים.
דיין מאַן און קעניג האָט זיי אַזוי פיל!
נאָר איצט, ווען שטאָט איז איינגעטונקט אין קלאַנגען,
ווען ס'ברויזן די געמיטער ווי אַ ים....

## אַלעקסאַנדרא

וואָס איצט? וואָס איצט?

## יוסף

איז אויך דער פאַלשער קלאַנג



פאַר אויז געפערליך. קעניגן, זיי גרייט.
אויך, מוטער, דו. דעם פּאַלאַץ צו פאַרלאָזן
די גאַנצע שטאָט דערנענטערט זיך אַהער,
נישט וועניק שונאים האָט דער קעניג.

## אלעקסאנדרא

מרים!
מען דאַרף זיך ראַטעווען! וואָס שווייגסטו, מרים!
דערבאַרים דיך אויף זיך און דיינע זין!
מיין יוסף זאָל מען אויפוועקן די דינער,
דעם אַלטן קעניג הורקנוס. העלף אונז, העלף!
דער קעניג וועט דיר דאַנקען, אויב ער לעבט נאָר.
אויב נישט – וועל איך מיין דאַנק דיר נישט פאַרגעסן.

## יוסף

די קעמלען שטייען גרייט. איך וועל אייך פירן
אין אַלעקסאַנדריאָן דער פעסטונג, זיין באַרייט
אַנטלויפן פאַרן צאָרן פון המון.

אַלעקסאַנדראַ אָפּ.

מיין קעניגן, דאָס אומגליק איז געפאַלן
אויף אונזער קאָפּ אין גאַנצן געריכט.
מען טאָר אָבער נישט נאָכגיין פאַרצווייפלונג,
כל־זמן עס גליט פון האָפענונג אַ פונק.
דער קעניג וועט צוריקקומען בשלום
און אַלץ וועט ווידער גוט זיין, ווי געווען.

## מרים

ניין, יוסף, ניין, מיר זאָגט מיין האַרץ קיין גוטס נישט!

## יוסף

מיין קעניגין, דערקלער מיר דיינע רייד.
צו שפּירט דיין האַרץ דאָס גרויסע אומגליק?

מרים

יוסף!
אַן אומגליק, יוסף, יאָ! מיט מיר, מיט דיר!
די ווענט, די ווענט זיי ציטערן און פאַלן,
עס עפנט זיך אַן אָפּגרונט פאַר מיין אויג,
דאָרט בלאַנקט אַ האַק, פאַרשטעקט אין וויסטן חלל!

יוסף

איך זע שוין אויך דעם אָפּגרונט פאַר מיין אויג.

מרים

אָ, יוסף, יוסף!

יוסף

יוסף איז מיין נאָמען!
הלוואי וואָלט איך עס בעסער נישט געדענקט!
דיין מאַן האָט ער אַ וואָרט געגעבן — יוסף,
פאַרמשכּנט אים זיין האַרץ אויף נאָכן טויט!

מרים

אויף נאָכן טויט?

יוסף

געשפּירט האָט ער זיין אומקום
און מיך געבונדן מיט אַ וואָרט.

מרים

געבונדן?
דיך מיט אַ וואָרט.

יוסף

צו טאָר איך ריידן, מרים?



דער מינדסטער פונק פון האָפענונג זאָל שיינען,
וואָלט איך דעם סוד פאַרטראָגן ביזן טויט.

מרים

רעד, יוסף, רעד און שלאָג איבער מיין האַרצן,
פארלאָשן איז דער לעצטער, קלענסטער פונק.
האָט דיך דער מלך מיט אַ וואָרט געבונדן!
צו האָט ער נישט אָן מרימען דערמאָנט?

יוסף

זיין ליבע איז געוועזן, ווי אַ שטורעם,
געפלאַקערט, ווי אַ ברענענדיקער וואַלד...

מרים

און פלאַם און שטורם זענען גרייט פאַרניכטן,
דאָס ווילסטו זאָגן, יוסף?

יוסף

הער מיך אויס!
צו שוואַך איז ער געוועזן זיין טריט צו שטעלן,
מיט ווירדע צו באַגעגענען דעם טויט,
כּל־זמן ער האָט געפילט...

מרים

אַז איך בלייב לעבן!
אָ, צאַרטער מאַן! פון דיר האָט ער פאַרלאַנגט
דו זאָלסט מיך אָפּשיקן צו אים וואָס גיכער?
אָ, בענקענדיקער מאַן! וואָס וואַרטסטו, יוסף
צי אויס די שווערד און שטעך אין מרימס ברוסט!

יוסף

פאַלט איר צו די פיס.
ניין, מרים, ניין! איך ברעך מיין צוזאָג! הורדוס

וועט מוחל זיין, נאָר זיי מיר מוחל דו!
כ'האָב נישט געקאָנט זיין צער און שוואַכקייט צוזען,
דערצו האָב איך אין אומגליק נישט געגלויבט!

### מרים

ווי ער האָט נישט געגלויבט אין מרימס טרייהייט!

### יוסף

פאַרגיב זיין שוואַכקייט אים, ווי מיר מיין וואָרט!
דאָס גרעסטע אומגליק איז פאַר מיר געווען
דער טויט פון קעניג, ס'איז נישט אמת, מרים!
דאָס גרעסטע אומגליק איז פאַר מיר — דיין טויט!

### שלומית

ארייננעקומען ביי די לעצטע ווערטער.

איר טויט, אָבער נישט מיינער, צאַרטער יוסף,
ווייל איך בין שוין געשטאָרבן, אויב ס'איז וואָר,
אַז הורדוס לעבט שוין נישט...

### מרים

און איך האָב איצט
צוויי מאָל מיין מאַן פאַרלאָרן, צאַרטע שלומית?
צום ערשטן מאָל, ווייל ער איז טויט. צום צווייטן...

### שלומית

ווייל יוסף לעבט?

### מרים

ניין, קעניג־שוועסטער, שלומית!
צום צווייטן מאָל, ווייל ער, דיין ברודער הורדוס,
האָט אומגעבראַכט מיין ברודער אַריסטאָבול.
געעפנט זיך די אויגן, מיינע, שלומית,



דאָס וואָרע־וואָר צו זען. קום, קעניג־שוועסטער,
זיך זעצן שבעה יעדע נאָך איר מת.
דו — נאָך דיין טרייען ברודער. איך נאָך וועמען?
בו — יאָ, נאָך מרימס אויסגעריסן האַרץ!

### יוסף

מיין קעניגן און שלומית, האָט רחמנות
אַליין אויף זיך. צו איצט איז דען די צייט
זיך אויסצעטענען? ראַטעוועט דאָס לעבן
און לאָזט מיר אייך אַרויספירן פון הויז
און, גילטן קיין בקשות נישט — באַפעל איך!
גייט, פרויען שנעל! זייט גרייט צו דער נסיעה!
איך טראָג אויף זיך די קעניגליכע רינג!

מרים און שלומית — אָפּ, אין דער באַגלייטונג פון יוסף. דינער און דינסטן טראָגן באַצירטע, פאַרשלאָסענע קאַסטנס. שטעלן זיי אויס אין מיט צימער

### 1־טער דינער

געלעבט אין וואוילטאָג. גיי ווער איצט אַ טרעגער און לעבעו־ונד. נישטאָ קיין זיכערקייט אַפילו אונטער דער קרוין. אַי, אַ וועלט געוואָרן.

### 2־טער דינער

זיכערקייט ווילסטו? אין קבר ווערסטו זיין זיכער!... גיי שלעפ זיך, אין מיטן דער נאַכט. אויף שרעק און סכנות!

ווײנט נישט, קלאָגט נישט, ווייבער! דעם קעניג וועט איר נישט לעבעדיק מאַכן!

### 1־טע דינסט

און ווי קלאָגט מען דאָס נישט נאָך אַ קעניג? ס'אַ מצוה צו קלאָגן נאָך אַ קעניג. אַזאַ טייערער קעניג! אַזאַ ליכטיקער האַר!

### 1־טער דינער

טוט אייער אַרבייט, ווייבער! נישטאָ קיין צייט צו ווישן זיך די אויגן. גרויס איז די געפאַר!

### 2־טע דינסט

נישטאָ שוין מער קיין אויבער האַר! קיינער זאָגט אונז קיין דעה נישט! מיר זענען די עלטערע. מיר — שלומיתעס דינסטן.

### 2־טער דינער

עס לאָזט זיך שיקן. איר ביידע צוזאַמען זייט טאַקי עלטער פאַר הורקנוס מיין האַר. אָבער איצט איז דען די צייט זיך אויסצעטענען אין יחוס? דער פּאַלאַץ צעלויפט זיך! דער פאַלאץ אַנטרינט!

### 1־טע דינסט

וואָס? אַלט זענען מיר? קום, זלפה, לאָמיר אים ווייזן ווער אינגער איז! אַנו, טו נאָר אַ הויב דעם קאַסטן! אַ — אַי; מתים גייען!

*די דינער קוקן זיך אום און צעלויפן זיך. פויזע. הורדוס און ניקאָלאוס קומען אריין אין וועג־מאַנטלען.*

### ניקאָלאוס

די שטאָט איז אויף, מיין ליבער קעניג הורדוס!
דער פּאַלאַץ אויך. ווייזט אויס, אַז גוטע פריינט
האָבן פאַראויסגעבראַכט די גוטע בשורה,
כאָטש מיר האָבן זיך דורכגעשלייכט אַהער
דורך הינטערוועגן און פאַרשטעלטערהייד.

### הורדוס

געוואָלט האָב איך די אומגעריכטע שמחה
זאָל גרעסער זיין, האָט זיך אַ נאַר געפלייסט,
אָוועקגעטריבט ביי מיר אַ דריטל. דאָך



איז אין מיין האַרץ אַזוי פיל פרייד פאַרבליבן
אַז ס'בלייבט נישט מער קיין ווינקעלע פאַר כעס.
פאַרשרייב אין דיינע שריפטן, ניקאָלאַוס:
מיט פיל נצחונות האָט מיך גאָט געבענשט.
דער גרעסטער איז מיין איצטיקער נצחון.

### ניקאָלאוס

אַליין און אָן אַ שווערד און אָן אַ פייל
האָסטו באַזיגט אַנטאָניאוס דעם טיגער,
ביי קלעאָפּאַטראַ אָפּגעטויט דעם גיפט,
געשטעלט אין קאָן דיין קרוין און זי געוואונען.
באמת איז דיין מזלדיקער וועג
געגליכן צו די נסים פון העללאַדא.
מיין האַנט איז פול מיט יוגנטלעכן פלייס
דיין גבורה צו פאַרצייכענען פאַר דורות.
נאָר ווייס, אַז די געשיכטע איז אַ טייך,
פאַרענדערליך אין בויגיק אין די ברעגעס,
היט אָפּ, מיין האַר, איר גלאַנץ ביי פרייד און לייד!
איך זע אַז דיין געזיכט איז שוין פאַרטונקלט
נאָך איידער איך פאַרשליס די העלע בלאַט.

### הורדוס

צו הערסטו נישט אין פּאַלאַץ אַ גערודער?
צו הערסטו נישט די גלאָקן פון געוויין?
וואָס טוט זיך דאָ? ווי קומען דאָ די קאַסטנס?
ווער קלויבט זיך דאָס אַנטלויפן אין געהיים?
העי, דינער מיינע! קנעכט מיינע! אַהער קומט!

*לויפן אריין דערשראָקענע דינער.*

וואָס ציטערט איר? דעם קעניג נישט דערקאָנט?
וואָס שרעקט איר זיך! דען שטייט פאַר אייך אַ טויטער?

### 1־טער דינער

דו ביזט דאָך טויט!

2־טער דינער

דו לעבסט דאָך שוין ניט מער!

### הורדוס

גענדיקט ניקאָלאַוס, מיין געשיכטע!

וואַקלט זיך אין פאַלט אויפן קאַסטן. ניקאָלאַוס כאַפּט אים אונטער. קומען אַריין הורקנוס און אַלעקסאַנדראַ. ביידע אין וועג־קליידער מיט פּעקלאַך. הורקנוס איז שוין אַ טיפער זקן. די אויערן זיינע — פאַרבונדן.

### הורקנוס

זאָלסט נישט דערוועגן שטעלן זיך אַנטקעגן
דיין פאָטערס ווילן, אַלעקסאַנדראַ, הערסט?
נישט טו מיר אָן די לעצטע בושה, טאָכטער,
און רייץ נישט אויף און מיר דעם אַלטן לייב.
די קרוין איז מיינע! קום דערלעבט דעם נחת,
פאַרגינט מיר נישט מיין אייגן בלוט און פליש!

### אַלעקסאַנדראַ

דו אַלטער מאַן! באַדאַרפסט דאָך זיין צעפרידן,
וואָס קיינער וועט ניט שטערן מער דיין רו.
אַ שברי־כּלי שטרעקט די האַנט צום שרביט!
די קרוין איז מיינע! קעניגן בין איך!

### הורקנוס

כ׳זאָל מער פון דיר קיין וואָרט נישט הערן, טאָכטער!
כ׳וועל הייסן דיך אין קייטן שמידן, הערסט?

### אַלעקסאַנדראַ

און איך וועל הייסן וואַרפן דיך אין קעלער,
אויף האַרטן שטרוי, אויף וואַסער און אויף ברויט!



### הורדוס

און איך וועל הייסן אויסגראָבן אַ קבר
און זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייד.

אַלעקסאַנדראַ און הורקנוס שטוינען איבעראַשט. פאַלן אויף די קני פאַר הורדוסן. לויפט אַריין יוסף, פאַלט אויך צו צום קעניג.

### יוסף

אָ, קעניג! זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל!

### הורדוס

אַוועק פון מיר, רוצח! ביזט מיין טויט!

### יוסף

אַ קלאַנג האָט אונז פאַרפירט. נישט איך בין שולדיק.
כ׳האָב נאָר געוואָלט אַרויספירן פון הויז
דיין קעניגן, דיין שוועסטער און משפחה.

### הורדוס

זי לעבט?

### יוסף

מיין האַר! ווי קאָן איך דיך פאַרשטיין?
נעם, קעניג־שוואָגער, נעם צוריק די רינג,
און פיר מיט מזל ווייטער דיין ממשלה!

### הורדוס

זי לעבט?

### יוסף

וואָס מיינען דיינע רייד?

### הורדוס
*דערזעט מרימען אריינקומען.*

*זי לעבט!*

מיין ווייב! מיין מרים! דו ביזט עס! אַ פרעמדע?
איך טרוי זיך נישט. אַ חלום אפשר, וואָס?
ביזטו? נישט דו? דיין בילד איז דאָס. דיין פנים.
און נישט דיין גייסט. און נישט דיין פרייד. אַ טויטע.

### מרים

איך לעב. אויף צרות לעבט מען, קעניג הורדוס.

### הורדוס

באַדויערסטו דיין לעבן אין דער שעה,
ווען ס'איז ביי מיר די גרעסטע שמחה, מרים?
ווען כ'בין פון לייבן־גרוב אַרויס? ווען כ'ברענג
אַ היים צוריק דעם קאָפּ אויף מיינע אַקסלען?
ניין! דאַן ביסטו נישט מרים! נישט אזוי
וואָלט מרים מיך באַגעגנט. זאָג מיר יוסף,
הויב אויף דעם פישוף־צודעק פון מיין אויג!
וואָס איז געשען? פאַרביטן איז מיין מרים!...
איר אַלע מענשן, גייט אַרויס פון חדר!
איך האָב מיט איר זיך אויסצעטענען פריער,
ווי כ'וועל מיין צאָרן אויסלאָזן צו אייך!

### ניקאָלאוס

געשיכטע איז געגליכן צו אַ טייך.
פאַרטונקל נישט איר גלאַנץ, מיין קעניג הורדוס!
*אַלע פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ.*

### הורדוס

די שאַרפסטע שפּיז האָסטו אין מיר געשטאָכן,
דו, פרעמדע מרים, שאָטן פון מיין פרוי!
באַדאַרף דאָך זיין מיין זינד נישט צו פאַרגעבן,
אויב מיט מיין קומען איז דיין האַרץ געטויט!



### מרים

געטויט!

### הורדוס

געטויט?! ווי קאָן איך דאָס באַגרייפן?
די פרוי וואָס איז מיין לייכט־טורעם געוועזן
אין גרויסן וועג פון גבורות און פון ליבע —
די פרוי זאָל שטיין פאַרשלאָסן און פאַרהאַמערט,
די טויערן פאַרריגלט פון איר האַרץ!
צו שלאָגן נאָך אָן מיין וויי צו דיר אין אויער
צו טויב דיין אויער, ווי ס'איז שטום דיין האַרץ?

### מרים

כ'הער ווערטער, דיינע קלינגענדיקע ווערטער.
זיי קייקלען זיך אַריין צו מיר אין האַרץ,
זיי וועקן דאָרט אַ שטיינערנעם געלעכטער.
אַ שטורעם רייסט פון באַרג אַ גראָען שטיין
און שליידערט אים צו וועקן די חברים.
אָט שפּרינגען זיי שוין אַלע באַרג אַראָפּ
און צען און הונדערט, איינער איבער איינעם,
אַ האָגל טויטע שטיינער מיט אַ דונער
און מיט אַ קנאַלן. זע, דאָס לאַכט מיין האַרץ!

### הורדוס

אָ, מרים, מרים, יאָמער אין דער וויסטע!
מיין ליבע ליגט פאַרוואונדעט און זי רופט.
צו בלינד איז זי צו זען די גרויס פון אומגליק!

### מרים

דיין ליבע האָט מיר אויסגעמאָלט איר גרויס
דורך דעם, וואָס דו האָסט אומגעבראַכט מיין ברודער,
דורך דעם, וואָס דו האָסט יוספן באַפוילן

צו טויטן מיך, דו וואָלסט מיך האָבן טריי!
ווי קאָן איך דען נאָך צווייפלען אין דיין ליבע?
ווי קאָן איך דען נישט גלויבן אין איר גרויס?

פויזע

### הורדוס

וואו נעמט מען איצט די שטראָף, וואָס גלייך זאָל מאַכן
די שווערע וואָג פון זינד? אָ, נעמט אַוועק,
אָ, נעמט אַוועק די פרוי פון מיינע אויגן!
פון ליבע — שמוץ? פון הייליקייט — אַ תל?
דו פאַלשע פרוי! דו זינד־באַפלעקטע פרוי!
וואָלט יוסף דען אַנטפּלעקט פאַר דיר די סודות
פון הורדוסעס פאַראומגליקליכטער ליבע,
ווען זיין געלעגער טיילט ער נישט מיט דיר?
העי, וואָפנטרעגער, וואָפנטרעגער, גיכער!
ווי קומט אַריין אַ זונה אין מיין פּאַלאַץ?
מיין הויז איז דאָך געוועזן ריין פון זינד!
אין תפיסה צו דער וואַנט זאָל מען זי שמידן
און זאָל מיין צאָרן צוטראַכטן אַ שטראָף!

וואָפנטרעגער קומען אריין. נאָך זיי — שלומית.

### שלומית

שטייט, וואָפנטרעגער, וואַרט: און דו, מיין ברודער,
נישט אייל דיך צו באַשטראָפן אָן אַ גרונט.
ס'קאָן זיין, נישט אירע איז די שולד אינגאַנצן,
ס'קאָן זיין — אַ צווייטער איז דאָ שולדיק.

### מרים

שווייג!
ווי וואַגסטו, פרוי, צו זיין מיין מליץ־יושר?
ווען מרים שווייגט — זאָל שטומען יעדע צונג!

### הורדוס

אָ, שוועסטער, שוועסטער, זע מיין שאַנד און ווייטאָק!



### שלומית

איך זע, מיין ברודער! וויי איך אויך צו מיר!
אויך מיך באַדעקן שאַנד און ווייטאָק, ברודער!
מיר דאַרפן זיך אַרומנעמען אין פּיין
און וויינען, קלאָגן איינער פאַרן צווייטן.
דיין ווייב פאַרקלאָגסטו, ברודער! איך — מיין מאַן,
מיין האַרץ, ווי דיין, געפּייניגט איז פון אייפער.
די שאַרפע שפּיז פון אויסגעלאַכטער טרייהייט
האָב איך, ווי דו דערפילט. דער מאַן — דיין פריינט,
וואָס דו האָסט מיר צו מאַן געגעבן — יוסף
איז דאָ אין הויז, כמעט אויף מיינע אויגן,
געפאַלן צו די פיס אַ צווייטער פרוי.
ניין, פּייניק מיך נישט, פרעג נישט אויף איר נאָמען,
נישט איר, נאָר אים פאַרקלאָג איך פאַר דיין האַרץ

### הורדוס

מיין הויפמאַן!

### הויפמאַן

שלייכט זיך אריין

קעניג!

### הורדוס

הערסט?

### הויפמאַן

איך הער!

### הורדוס

פאַרשטייסט?

הויפמאַן פאַרנויגט זיך.

דיין זינד איז גרויס! דיין זינד איז קלאָר פאַר יעדן!

וואָס בעטסטו נישט קיין רחמים, פאַלשע פרוי !
וואָס בויגסטו נישט די קני דיינע !

### מרים

שווייג אדום !

פאַר דיר שטייט מרים! מרים חשמונאית !

קוקט אים אָן מיט פאַראַכטונג, קערט זיך אָפּ, גייט
אַרויס. הורדוס כאַפּט אַראָפּ די רינג.

### הורדוס

מיין הויפמאַן !

### הויפמאַן

קעניג !

### הורדוס

תּיכּף !

### הויפמאַן

וועמען ?

### הורדוס

ביידן !

הויפמאַן קוקט אים אָן ערשטוינט, גייט אַרויס. נאָך
אים די וואַכטרעגער.

### שלומית

פאַלט הורדוסן צו די פיס.

נישט טו דאָס, הורדוס, שרעקליך איז דיין צאָרן !
דו מאַכסט דיך אומגליקליכער, ווי דו ביזט !

### הורדוס

ניין, אומגליקליכער קאָן איך שוין נישט ווערן.

קליינע פויזע. לויפט אַריין טריפאָן. טרעט צו צום
קעניג.



### טריפאָן

וואָס טוסטו, הורדוס, וואָס האָסטו געטון ?
דאָס רעט טריפאָן, דיין היימישער באַרבירער.

טרייסלט אים פאַרן האַנט.

העי, קעניג הורדוס, וועק דיך פון דיין שלאָף !

שטויסט אים.

וואַך אויף ! וואַך אויף, דו האַרץ פון האַרטן שטיין
און זאָל די פּיין דיך מאַכן ווייך צום קנעטן !
וואָס קאָן איך טון ? כ'וועל פּויקן אין דיין האַרץ !
כ'וועל פּויקן אין דיין האַרץ, ס'זאָל ווערן הילכיק.
וואָס קאָן איך טון ? כ'וועל בייסן דיינע הענט,
כ'וועל בייסן דיינע הענט, אַז בלוט זאָל רינען.
דו פילסט קיין ווייטאָק מער ? דו ביזט משוגע !
הערסט, ווילדער קעניג, ביזט משוגע, יאָ !
פאַרשפּאַרן דיך מיט אַלע משוגעים,
נישט לאָזן קלאָרע אָפּקומען דורך דיר !
לאָז, שלומית, לאָז, וועסט האָבן יאָרן לאַנג
צו וויינען און צו קלאָגן ! שנייד ניט מלך,
קיין לעבעדיקן אבר פון דיין לייב !
דער פראָסט וועט אָפּגיין – בלייבן וועט דער ווייטאָק !
ס'וועט ווי טאָן דיר דיין אָפּגעשניטן לייב
אין קבר וועט עס פוילן און דיר ווי טון..
לאָז, שלומית, לאָז מיך אָפּ ! איך וועל דיך בייסן !
דיין ברודער שטעכט זיך ביידע אויגן אויס,
ער וואַרפט זיין האַרץ פאַר הינט און איך זאָל צוזען ?
אויב טייער איז דיין ברודער דיר, דאַן רייס,
דאַן רייס און ביים אים שטיקער־ווייס, ווי איך !
וואָס איז ? נישטאָ שוין מער קיין מלך הורדוס ?
אַ טויט געקרוינטער נעך ? צעברעך די קרוין !
אָן דרערד די קרוין, נאָר נישט צעברעך דעם נפש !

בּישטאָ דיין ברודער הורדוס! שלומית, וויין!
געשטאָרבן הורדוס!

### הורדוס גייט ארויס פון שטוינונג.

וואָס האָב איך געטון?
ווער? ווער האָט עס באַפוילן? גיכער! גיכער!
האַלט אָפּ! האַלט אָפּ די קללה פון באַפעל!
טריפאָן! מיין שוועסטער! לויפן! שרייען! שיצן!

אַלע לאָזן זיי זיך לויפן, זיי אנטקעגן קומט דער הויפּמאַן.

### הויפּמאַן

די רינג איז שוין נישט נויטיק מער, מיין קעניג!

הורדוס — פאַלט. ניקאָלאוס קומט אריין צע־שויבערט מיט שריפטן אין אומאָרדרנונג.

### ניקאָלאוס

מיין קעניג! וואָס האָסטו געטון, מיין קעניג?
צו שפּאָט האָסטו געמאַכט מיין שווערע מי!
פאַרטונקלט איז דער גלאַנץ פון דיין געשיכטע!

### הורדוס

און איך וועל זאָגן, מרימל, דאָס בעסטע —
נישט קריגן זיך. געפערליך איז די קריג!
די שיינע דיינע פּרינצן ברענג מיר, מרים!
די שיינע מאַמע פירט די שיינע זין.
ביזט בּלאַס, מיין קינד? אָ ניין, איך בין נישט בייז,
כ'בין גאָר נישט בייז געווען. ס'איז נאָר אַ שטורם
און דאָס — אין חלום. קערסט זיך אָפּ פון מיר?
דו גייסט אַרויס און שענקסט מיר נישט קיין שמייכל?
וואָס שווייגן אַלע! זעט: זי איז אַרויס?
אַרויס פון פּאַלאַץ, ערגעץ זיך באַהאַלטן.



אָ, העלפט מיר זוכן, רופן, מענשן, זעט!
אָ, מענשן, זעט. אייך בעט אַ מענש — אַ טובה!
מיין מרים! מרים! מרים! מרים! מרים!

### טריפאָן

מ—ר—י—ם!

### שלומית

מ—ר—י—ם!

### די איבעריקע

מ—ר—י—ם!

### הינטער דער וואנט

מ—ר—י—ם!

פאָרהאַנג.

# פערטער אקט

## ערשטער אויפצי

א טייל פון קעניגס הויף. א גרויסע מצבה מיטן גאָלד־געקריצטן נאָמען „מרים". הינטער דער מצבה — זיילן מיט פאָרהאַנגען, וואָס טיילן אָפּ דאָס אָרט פון דעם איבעריקן הויף. פאַר דער מצבה, אויף די טרעפּ פון פּיעדעסטאַל ליגט שלומית. פון דער טיף פון הויף הערט זיך א לייבנברוך.

### שלומית

אָ, מרים, לעבעדיקע־טויטע!
פון קבר זאָל דיך אויפוועקן מיין רוף!
שטיי אויף און קום אין שנאה זיך פאַרמעסטן!
דיין שטומער קבר לאָזט מיך נישט צורו!

### בערעניקע שטיל אריינגעשוועבט

ביזט ווידער ביי איר קבר, ליבע מוטער?
אָ, מוטער, מוטער, ווען וועט שוין געשען,
זאָלסט אויסמעקן איר נאָמען פון זכרון?

### שלומית זעצט זיך

ס'וועט קיין מאָל נישט געשען, אָ, בערעניקע!
אַזוי פיל פּיין האָט מיר די פרוי פאַרשאַפט,
אַז קיין מאָל וועט מיין שנאה זיך נישט לעשן.



וואָס גייסטו נאָך, מיין טאָכטער בערעניקע,
נאָך מיר, ווי נאָך אַ קראַנקע, טריט ביי טריט?

### בערעניקע

איך גיי דיך נאָך? נאָך וועמען זאָל איך נאָכגיין?
אַזוי ווי אין אַ מדבר איז איז הויז,
און קיינער וויל דיין טאָכטער נישט באַשיצן.
דו האָסט מיך אויף דער וועלט געבראַכט, באַשיץ.

### שלומית

באַשיצן דיך? פון וועמען?

### בערעניקע

פון די פרינצן.
פון מרימס בײדע האפערדיקע זין —
די האַלבע חשמונאים, האַלבע רוימער.
פאַר וואָס האָסטו מיך, מוטער, נישט געלערנט
די מדות פון פּאַטריציער אין רוים,
די שפּראַכן פון האָמער און פון ווירגיליוס?
וואָלט איצט ביי מיר דאָס פּנים נישט געפלאַמט.
אַזוי בין איך, ווי איינע פון די דינסטן
פון זינט די פרינצן זענען דאָ אין הויז.

### שלומית

אַזוי? זיי האָבן אָנגערירט דיין כבוד?
באַליידיקט מיט אַ וואָרט?

### בערעניקע

מיט זייער שפּאָט.
די מענער פון דעם קעניגלעכן שטאַם
באַשטימען זיין אין דאָרף אַריין פאַר שרייבער,
די פרויען פון דער קעניגליכער גזע
באַגערן זיי צו זעצן שפּינען פלאַקס,
ווען קומען וועט די צייט פון זייער הערשאַפט.

### שלומית

נישט קומען וועט די צייט פון זייער הערשאַפט!
איך לייג מיין קאָפּ! דיין שונא, מרים, לעבט!
גיי, טאָכטער, מיינע, ציר דיך אין דיין צירונג
און זינג מיט דיינע מיידן אַ געזאַנג!
פאַרניכטעט וועלן ווערן דיינע שונאים.

### בערעניקע

אָ, קום מיט מיר, מיין מוטער, קום מיט מיר!
אין פּאַלאַץ איז אַזוי, ווי אין אַ מדבר
און, ווער עס זאָל באַשיצן — איז נישטאָ.

*קומען אַן זקנים.מ יט זיי נשיא — הלל.*

### זקנים

אַ לויב צו דיר. אָ, קעניג־שוועסטער שלומית!

### שלומית

אַ לויב צו אייך, איר, עלטסטע פון דער שטאָט!
מיט וואס איז צו פאַרדאַנקען אייער קומען?
די שעה איז פרי, דער קעניג נעמט נישט אויף.

### 1־טער זקן

צו וויכטיק איז, אָ, שלומית, אונזער ענין
מיר זאָלן קאָנען אויסקלויבן אין צייט.

### שלומית

איך זע, אַז אייער ענין איז אייך וויכטיק,
פאַר אים איז אָבער וויכטיקער די שפּיל.
קוקט, זקנים, אַן די שפּיל פון קעניג הורדוס!

*זי פאַרשאַרט אַ פאָרהאַנג צווישן די זיילן. זקנים בלייבן פאַרגאַפט.*

צו וואָר, עס איז אַ מלכותדיקע שפּיל!



קום, טאָכטער מיינע, ליבע בערעניקע
און זאָלן זקנים שטיין און זיך אַנטציקן.

*שלומית, בערעניקע — אָפּ. לייבנברום.*

### 1־טער זקן

אין וועמעס הענט דו ענטפערסט איבער, גאָט,
די אויפריכטונג פון נייעם בית־המקדש!

### 2־טער זקן

נאָך ווייניק צירקן אויפגעבויט אין שטאָט,
באַדאַרפט אַ צירק אַריינברענגען אין פּאַלאַץ.

### 3־טער זקן

איר וועט נאָך זען. געדענקט אָן מיינע רייד:
אַ צירק וועט ער נאָך אויפבויען אין היכל!

### 4־טער זקן

אויף אֶדומען קיין קשיה נישט. דער מאַן,
וואָס האָט געוואַגט, אין בלוטיקער אכזריות
דאָס גאַנצע חשמונאים — הויז פאַרניכטן...

### הלל

נישט רעט פון קיין אכזריות, מיינע פריינט!
ווייל קעניג הורדוס קלאָגט אויף זיינע מעשים.
אויב גאָט אַליין איז מוחל אונז די זינד,
ווי קאָנען מיר פאַרשטויסן אַ בעל תשובה?

### 1טער זקן

איך גלויב אים נישט! זיין תשובה איז אַ שפּיל.
אָט וויינט ער און – אָט שפּילט ער מיט די לייבן.
דער נשיא זוכט אויף אלעמען אַ זכות.

### הלל

אַ צייט אויף שפּילן. און אַ צייט צום וויינען.

און, קאָנען מיר דען וויסן, ליבע זקנים,
די אמתע כּונה פון זיין שפּיל?

### זקנים

כּונה אין דער שפּיל?

### הלל

ס'איז זיין עבודה.

### 1־טער זקן

עבודה, ווען ער דינט צו זיך אַליין?

### הלל

נישט איך פאַר זיך, דאַן ווער פאַר מיר זאָל דינען?
אויב נאָר פאַר זיך – וואָס בין איך, מיינע פריינט?

### 2־טער זקן

וואָס בין איך? פרעג ביים קעניג, וועט ער זאָגן:
ער איז אַ קליינע וועלט. און גאָט דער האַר
האָט אים באַשאַפן ווי די גרויסע. מאָג ער דינען.

### הלל

מיין זקן, ביסט געניט אין דיאַלעקטיק.
אַ קליינע וועלט האָט גאָר אַ קליינעם גאָט.
און הורדוס ווייס, אַז גאָט איז גרויס און מעכטיק.

### 3־טער זקן

ווי קאָן מען ריידן. תּמיד זעסטו גוטס,
און תּמיד גרייט אַ זינדיקן פאַרגעבן.

### הלל

ס'איז אמת, ווייל מיט בייז איז שווער צו לעבן.

עס הערט זיך אַ קנאַלן מיט אַ בייטש, אַ לייבנברום



און דאָס אויפפּראַלן פון אַן אײַזערנער טיר. הורדוס שטייגט אַרײַן אין דער באַגלייטונג פון ניקאָלאַוסן, הורדוס איז כמעט נאַקעט. אַ לעמפּערט־פעל איבערן אַקסל און באַגורט מיט אַ קופּערנעם גאַרטל. הענט און פיס — אין קופּערנע רייפן אין דער האַנט — אַ בייטש.

### ניקולאוס

אַ שיינע שפּיל דיין לייבנשפּיל, מיין קעניג.
די וועלט, וואָס האָט באַוואונדערט דיינע גבורות
וועט איצט אין שפּיל באַוואונדערן דיין דרייסט.

### הורדוס

גיי זאָג דאָס מיינע אידן, וועסטו הערן
יהודהס מיינונג אויף מיין דרייסטער שפּיל.
אַ לויב צו אייך, איר זקנים פון יהודה!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! דערמאָנט אייך צו דער צייט!
וואָס ברענגט איר פאַר א בשורות פון פרימאָרגן?
ווי האַלט עס מיט מיין בנין, ליבע לייט?
צו דאַרף איך מיר פאַר שלמהן נישט פאַרשעמען?

### 1־טער זקן

אויב שלמהס אַרבעט גייסטו, קעניג, טון
אַ נאַקעטער און אין דער האַנט אַ בייטש,
דאַן מאָגסטו דיך פאַר אים אַ ביסל שעמען.

### הורדוס

פאַר אים? איר לעבט אין טעות, מיינע פריינט!
אין שלמה'ן בין איך בקי. דוכט זיך ער,
און, אויב נישט ער, האָט עס זיין זון געזאָגט:
מיין פאָטער האָט מיט ריטער אייך געשמיסן
און איך – מיט בייטשן, האָב איך זי – די בייטש.
און איצט – מיין קלייד, מיין קלייד איז אייך צו ווינציק!

געלערנט זיך די לייבנשפּראַך אין גרוב.
אָט ברומט ער נאָך מיין אויפגערעגטער רבי.
האָט שלמה נישט דאָס אייגענע געטון:
געלערנט זיך די שפּראַך פון בייזע חיות,
כדי צו קאָנען ריידן מיט זיין פאָלק?
אָ, שלמהן איז דאָס אָנגעקומען לייכטער,
געשיינט האָט אים זיין שטערן פון געבורט,
ווען איך בין מיט אַ שווערן וועג געגאַנגען!
נאָר שלמהס מזל יאָג איך אָן מיט פלייס.
גאָט וויל, אַז איך זאָל גובר זיין די חכמה!
וואָס הערט זיך מיט מיין בנין, ליבע לייט?

### הלל

דיין בנין, קעניג, וואַקסט אויף לייטנס וואונדער
און דיר צו לויב. מען וואַרט אויף דיין באַפעל
צו קריינען מיט אַ דאַך דיין בית־המקדש.

### הורדוס

וואַרט אויף! וואַרט אויף! צו קאָן מען נישט די ווענט
אַרויפטרייבן נאָך הערליכער, נאָך שענער?
מיין גאַנצער אוצר אָפן איז פאַר אייך.

### הלל

דיין בנין, קעניג, איז שוין איצט דער שענסטער
אויף גאָרער וועלט. האָסט אויפגעריכט גאָטס הויז
און גרויס וועט זיין דיין נאָמען אין יהודה.
נאָר איין בקשה, מעכטיקער, פאַרשווען נישט
גאָטס בנין מיטן אָדלער־בילד פון רוים.
ס'איז פרעמד יהודהס גייסט און שלמהס קלוגשאַפט.

### הורדוס

וואָס זאָגסטו, ניקאָלאוס, צו מיין פאָלק?
הער אויס די רייד פון קליגסטן אין יהודה!



פאַרשטיי דאָך, מענש, דאָס נייע הויז פון גאָט —
מיט וועמעס בילד זאָל הורדוס דען באַצירן
אויב נישט מיט רוימס, ווען רוים איז אונזער שוץ?

### הלל

פאַר דיר אַ שוץ, פאַר אונז — עבודת־זרה.
פאַרשטיי דאָך, הורדוס, גאָט איז אונזער שוץ
יהודהס מאַכט איז נישט פון דער וועלט, קעניג!

### הורדוס

איך ווייס, דו ביזט אין יענער וועלט פאַרטון,
איך ווייס, דו גרייטסט דעם מלכות השמים.
יהודהס גאָט פאַרלייצן צו די פעלקער
און, בעת–הצרה וואַרטן אויף אַ נס.
אויף מאכט וועל איך זיך שטיצן, נישט אויף נסים!
הערסט, הלל, דאס האט הורדוס דיר געזאגט.
כ'וועל אלע טיר און טויער פאַרשליסן,
יהודהס גאט פאַרבלייבן זאל אין לאנד,
און פעלקער זאלן קומען פאלן כורעים
אויף אונזער ערד, ווי אורחים, נישט ווי פיינד!
איך בוי זיין הויז. די ווענט פון שיש־טהור
און בלויען מאַלאַכיט. איין שטיין אריין
דער אנדערער ארויס. איז דאָס ניט הערליך?

### 1–טער זקן

עס האָט דעם שענסטן חן.

### 2־טער זקן

עס האט דעם אויסזען
פון אינדן אויפן ים.

### הורדוס

דאַן וועל איך הייסן

די שטיינער איינפאַסן אין גאָלד, זאָל שיינען
ווי אינדן אויפן ים ביים זונען־אופגאַנג.
אַ גרויסע זון גייט אויף אין לאַנד יהודה
און איך רעגיר צו מעכטיגן איר גלאַנץ.
נישט רעט פון שלמהס קלוגשאַפט! ביי דעם תהום
פון מיינע לייד שטייט שלמה ווי אַ קינד
און פרעגט אויף דער באַדייטונג. ווייסטו, שלמה,
ווי טיף אין אונזער בלוט די חיה נעסט?
געקוקט האָסטו דיין חיה אין די אויגן
אַזוי ווי איך, און נישט געליימט געוואָרן,
און נישט אַראָפּ פון זינען? דיינע תאווה!
מיט דיינע תאוות האָב איך שוין געשפּילט,
ווי יענער קונצנמאַכער וואַרפט שטורקאַצן
אין נישט פאַרבריט און נישט פאַרברענט מיין האַרץ
אַנטפּלעקט האָסטו, אָ, גאָט, פאַר מיר די תהומות,
נאָר נישט פאַרשטעלט די הויכקייט פאַר מיין אויג
און איצט, אין מיין געראַנגל מיטן לייב,
בין איך נישט דער, וואָס האָט ביים שטראָם יבוק
געשטריטן מיטן מלאך? גיב מיר, לייב,
דיין ברכה, חיה־רעה, גיבן דעם מלך.
ער וועט זי שליידערן פאַר גאָט! איך שטיי
פאַר דיר, אָ, לייב, איבער די הימלען,
דיין לייב אויף דרערד. פאַר דיר האָב איך אין באַרג
דיין הויז געבויט אַ ריזן־לייב וואָס לייצערט.
דו הערסט מיין ברום? דו ווייסט איך האָב פון זיך
מיין פלייש געשניטן לעבעדיקע שטיקער.
מיין וועג צו דיר פאַרזייט האָב איך מיט זינד
און אימהדיקע מעשים. נאָר איך גיי,
איך גיי צו דיר און איך וועל גיין
דורך בלוט און פרייד, דורך שטרויכלונגען און קדושה.
און, דאַרף מען שניידן ווייטער — בין איך גרייט.
און, דאַרף מען זינד — בין איך, אָ, גאָט דיין זינדער!



איך שלינג די פּיין צו הייליקן דיין נאָמען
און וואַרף מיין קראַפט אויף דיין מזבח! אמן!

לייבן־ברום.

## זקנים און הלל

אמן!

## הורדוס

צו דוכט זיך מיר? צו האָט אויך נשיא הלל
געענטפערט אמן? זעט איר, מיינע פריינט,
ווי צוויי הפוכים רעדן זיך צוזאַמען?
איך שפּיר אין זיך אַ שטראַל פון קדושה היינט.
אָ, לאָזט מיך, פריינט, געניסן פון דער רגע
אַליין מיט גאָט און פאָרשן זיינע וועגן!

*הורדוס לאָזט זיך אַראָפּ אויף די טרעפּ פון דער מצבה און בלייבט שטום, מיט די הענט פאַרשטעלט דאָס פּנים. אַלע טרעטן אָפּ.*

## 1־טער זקן

מיר וועלן גאָר נישט פועלן אַצינד.

## 2־טער זקן

מיר וועלן מוזן שפּעטער ווידער קומען.
וואָס זאָגסטו, נשיא?

## הלל

פריינט, ווי קאָן איך ריידן.
דער וועג צו גאָט איז אונענדליך פאַרשיידן!

## ניקאָלאוס

איצט גיי פאַרצייל דער וועלט, אַז יענער מאַן,
וואָס איז געווען אָן גלייכן אין אכזריות,

איז אויך דער גרעסטער מאַן אין וואָרט און גייסט.
פאַרצייל -- דאַן וועט די וועלט דיך רופן ליגנער.
פאַרשווייג – דאַן בלייבסטו ליגנער קעגן זיך

זקנים, נשיא הלל, ניקאָלאוס — אָפּ.

### הורדוס

אַליין מיט גאָט און אויך מיט דיר, אָ, מרים!
אַן אימהדיקער דרייבונד פון מיין זינד.
נאָר איך און די. דער תּליון און דער קרבן
מיר קאָנען זיך צוזאַמענריידן שטיל
און האַרץ ביי האַרץ, ווען גאָט איז אונזער עדות.
אָ, מרים, מרים. נישט פאַרלאָז מיך. מרים!

### שלומית דערשיינט פון הינטער דער מצבה.

אומזיסט דיין רופן, ברודער, זי איז טויט!
ווענד אָפּ פון איר דיין בליק צוריק צום לעבן!

### הורדוס

נישט רעד!

### שלומית

גקומען איז די צייט צו ריידן.
אַליין האָסטו די פרוי געשיקט צום טויט,
צו וואָס פאַרגיסטו טרערן אויף איר קבר?

### הורדוס

געטויט האָב איך מיין גליק.

### שלומית

אָ ניין, נישט אמת
דעם שונא פון דיין בלוט האָסטו געטויט.
צו קאָן דען אדום שוינען זיינע שונאים?



### הורדוס

נישט מרים איז געווען מיין שונא, ניין!

### שלומית

דאַן ווייס, מיין ברודער, לעבעדיק איז מרים.
זי לעבט נאָך מיט דעם כּח פון איר פלוך,
געשליידערט אין דער רגע פון איר אומקום.
זי לעבט נאָך אין דער בייזער, וויסטער נעסט
פון שלאַנגען־חשמונאים.

### הורדוס

רעד ניט, שלומית!
זיי לעבן שוין ניט קיינער.

### שלומית

און די זין,
די ביידע אירע האפערדיקע פרינצן?

### הורדוס

מיין בלוט און פלייש!

### הורדוס

די שונאים פון דיין בלוט!

### שלומית

אָ, שוועסטער, נישט באַניי דיינע רכילות,
דו ווייסט: איך האָב קיין אויער נישט פאַר זיי.
פאַרבלייב אין פרידן, שוועסטער.

ער וויל אוועק. שלומית פאַרשטעלט אים דעם
וועג און ציט האַסטיק אַ דאָלך פון בוזים.

### שלומית

וועסט נישט גיין.

כל־זמן דו וועסט דיין שוועסטער נישט באַשטראָפן.
מען וואַרפט נישט קיין רכילות אויפן ווינט,
און קעגן די, וואָס דיר זענען צוליבסטן.

### הורדוס

וואָס ווילסטו, פרוי, פון מיר?

### שלומית

איך וויל דעם טויט.
באַמאַן מיך מיט אַ מעסער־שניט, מיין ברודער!
מיין ברוסט איז אָפן און מיין שפּיז איז גרייט.
איך קאָן שוין מער דעם ווייטאָק נישט פאַרטראָגן
צו זען דיך אין די אָרעמס פון אַ טויטער.

### הורדוס

ניין, מרים לעבט!

### שלומית

דאַן לעבט איר קללה אויך.
דאַן זאָלן אַלע מענער פון דיין גזע
פאַרשיקט ווערן אין דאָרף אַריין פאַר שרייבערס
און זאָלן אַלע פרויען פון דיין שטאַם
ווי דינסטן ווערן צוגעשמיט צום שפּינדל
און זאָלן דיינע פרינצן דיינע זין
זיך איינקויפן אין חן ביי דיינע סריסים,
דעם וועג זיך צו פאַרקירצן צו דער קרוין!
אַ סוף צו אייער גדולה, אדומים!

### הורדוס

דו טרייבסט רכילות!

### שלומית

ווילסטו אַ באַווייז –



הייס פייניקן די סריסים און די דינער,
פון זיי וועסטו דאָס ווייטערע דערגיין.

### הורדוס

ניין, שוועסטער, שוין גענוג האָב איך געפייניגט.
נישט אומקערן צוריק וועט זיך די צייט,
ווען דאָ אין הויז איז מענשליך בלוט גערונען.
באַפּעסטיקט און געזיכערט איז מיין מאַכט,
און זיין זאָל גרויס מיין נאָמען אין יהודה
דורך גוטע מעשים, שוועסטער, נישט דורך פּיין.
באַהערשט זענען די זין מיינע – איך ווייס –
פון אַלטער שנאה צו דעם פאָטערס גזע.
די אַלטע שנאה מוז איך, שלומית, אויך
אין ליבע איבערשמעלצן.

### שלומית

בעל־חלומות!
מיט וועלכע וועגן גייסטו צו דעם נס?

### הורדוס

דעם וועג האָט גאָט אליין געוויזן, שוועסטער!
דאָס איז דער וועג פון שלום אין מיין הויז.
דאָס איז דער וועג פון אויסגלייכן די עוולות.
צוריק זאָלן זיך אומקערן אין הויז
מיין עלטסטער זון און אויך זיין מוטער דאָריס,
די אָרעמס וועל איך עפענען פאַר זיי.
און אויך פאַר דיר, אָ, שוועסטער מיינע, שלומית,
פאַר דיר און פאַר דיין אויסטערלישע ליבע
געעפנט זיי מיין האַרץ. באַהאָפטן זיי
דורך בלוט און פלייש צו מיר אויף אייביק, שוועסטער!

### שלומית

ווי קאָן איך גלויבן? גאָט! האָסטו דערהערט

דעם וויי־געשריי פון שלומיתעס פאַרצווייפלונג ?
דים קרבן האָסטו אָנגענומען, גאָט,
פון ביידע מיינע אומגעבראַכטע מענער
און מיך באַלוינס ? אָ, מרים, מרים, הערסט ?
מיין ברודער שליסט מיט מיר אַ בונד פון ליבע !

### הורדוס

פון קבר וועט זי בענשן אונזער בונד.
וואָס דאַרף אין פּאַלאַץ איינפלאַנצן דעם שלום.
מיין ווילן איז, אַז מרימס אינגסטער זון,
דער האַלבער חשמונאי אַריסטאָבול.
זאָל נעמען פאַר אַ ווייב דיין ברעניקע –
פון אָדומס בלוט !

### שלומית

געשטאָרבן איז מיין פרייד !

### הורדוס

צו בין איך קעניג ? הערשער אין מיין הויז ?
דיין טאָכטער זאָלסטו אָנזאָגן מיין ווילן.
דער שידוך וועט באַהעפטן אונזער בלוט
און שנאה וועט פאַרקערט ווערן צו טריישאַפט !

### שלומית

כ'וואָלט בעסער שוין צום קבר זי באַגלייט!

געבראָכן – פּט.

### הורדוס

שוין נישט פון היינט. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל
וועגט אָפּ מיין האַנט דאָס מעסער פון רכילות,
געצילט אין פּאָטערס האַרץ. צו וועט מיין האַנט
נאָך לאַנג זיך קאָנען ווערן קעגן אָנגריף ?
ווער ? ווער האָט עס געזאָגט, אַז מרימס זין
באַגערן נאָכן בלוט פון זייער פּאָטער ?



### טריפאָן

אַריינגעקומען מיט אַ ווייסער קלייד פאַרן קעניג
און מיט מכשירים צום פּאַזירן

מיין קעניג ! וואַרף אַראָפּ פון זיך דעם לעמפּערט.
דאָס ווייסע קלייד וועט שטילן דיין געמיט

### הורדוס

ווי קומסטו, קנעכט, מיט חוצפּהדיקע עצות ?
זאָלסט תיכּף זאָגן : ווער האָט דיך געשיקט ?
די שונאים פון מיין לעבן ? אַלעקסאַנדער ?
צו, אפשר, אַריסטאָבול ? אפשר ביידע ?
מיט מיינע זין אַ בונד געשלאָסן, קנעכט,
כּדי מיך צו דערשטעכן מיט דיין מעסער ?

### טריפאָי

פאַרלעש, מיין האַר, דעם פלאַם פון דיינע רייד !
וואָס האָבן דען די זין צו זייער פּאָטער ?

### הורדוס

צו פרעגסט מיך אויס, אָ, חוצפּהדיקע קנעכט !
דו האָסט דערביי די פינצטערע כּונה
דיין קעניג צו דערשרעקן ? הער און שטיין!
איך, איך בין דאָס דער מאַן וואָס האָט דער'הרג'עט
די מוטער פון די פּרינצן – מיינע זין,
דערהרגעט און צו שטאָט געמאַכט איר נאָמען !
צו קאָנען מיר די פּרינצן זיין געטריי ?
צו דאַרפן זיי ניט זען מיין בלוט פאַרגאָסן ?
איך ווייס דאָס וואויל. דאָך ווי וועט זיין צו זיי
זיי ווילן זען מיין בלוט ? זאָג אויס דעם אמת !
זיי גרייטן צו אַ פינצטערע נקמה ?
פון ווינקל צו באַפאַלן מיך ? זאָג אויס !

### טריפאָן

איך האָב נישט מער וואָס צוצוגעבן, קעניג!

### הורדוס

איך וועל דיך צווינגען!

### טריפאָן

שרעק מיך נישט, מיין האַר!
דו ווייסט דאָך אַז געפערליך איז דיין צאָרן
פאַר דיר אַליין.

### הורדוס

באַרבירער, ביזט גערעכט!
קיין וואָרט נישט מער. צו ווילסטו מיך ראַזירן?
דאַן טו דיין אַרבעט שטום. איך בין באַרייט.

*זעצט זיך. טריפאָן גענענט מיטן זאַלב און מעסער*
*הורדוס — אויפגעשפרונגען.*

און ער! און ער! וואס האט ער דו צו טון?
וואס הויבט ער אויף די שווערד קעגן זיין פאטער?

### טריפאָן

ווער, קעניג, ווער?

### הורדוס

צו מאכסטו דיך נישט זען?
אט שטייט דער זון פון מרים חשמונאית,
דער בייזער אלעקסאנדר מיט דער שווערד!
דו אויך, טריפאָן? דאָס מעסער! וואַרף דאָס מעסער!

### טריפאָי

צום ערשטן מאָל איך זע מיין האר אין שרעק.
מיין קעניג! זיי באַרואיקט, דאָ איז קיינער



### הורדוס

שווייג, פרעכער קנעכט! נישט הורדוס וועט זיך שרעקן!
כ'האָב נאָר געפרובט, דיך אויסגעפרובט. פאַרשטייסט?

*זעצט זיך.*

בעם טו דיין אַרבעט פלייסיקער און שנעלער.
ווער רעט עס דאָרט? ווער סודעט זיך אין ווינקל?
ווער גייט עס אום אין הויז מיט שטילע טריט.
דורך בלוט און פיין דערגיין וועל איך דעם אמת!
נאָך בין איך הורדוס! פרעכער קנעכט! טרעט אָפּ!
באַהאַלט דאָס מעסער! ציטערט מיינע שונאים!
ווייל, דאַרף מען שניידן ווייטער – בין איך גרייט!
און דאַרף מען בלוט!... שוין ווידער דאָ! ער גייט!

*אנטלויפט אין שרעק.*

### טריפאָן

דער קעניג בלייבט שוין היינט אַ נישט ראַזירטער...
מיר דוכט – אויף לאַנג. מיר דוכט – אויף אַלע מאָל.

### ניקאָלאוס

*קומט אריין מיט אַ בינטל שריפטן מיט דער פען.*
*די פינגער — אין טינט.*

איצט גיי פאַרצייל דער דער וועלט, אַז יענער מאַן,
וואָס איז געווען דער גרעסטער אין אכזריות
איז אויך הער גרעסטער מאַן אין וואָרט און גייסט!

### טריפאָן

דו בלאָנדזעסט אום?

### ניקאָלאוס

אין פינצטער מדבריות.

באמת, פרינט, פאַרכישופט איז דער קרייז.
איך שרייב און מעק. איך מעק און שרייב...

טריפאָן

צעררייס!!!

פ אָ ר ה אַ נ ג.

## צווייטער אויפצי.

אַ ריכטער־טיש. ביים טיש — סאַטורנינוס, פעדאַניאוס, וואָלומי־ניאוס, ניקאָלאוס, סירישע פירשטן. לינקס — הויפלייט, און שלומית. רעכטס — הורדוס. סאַטורנינוס פירט אַ שטילן געשפּרעך מיט די לע־גאַטן. אַלע אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג.

סאַטורנינוס שטייט אויף

שוין דורכגעזען די שריפטליכע באַווייזן,
שוין אויסגעהערט די עדות קעגן זיי
און איינגעזען די שולדיקייט פון ביידן.
אָ, קעניג, דיינע פרינצן, דיינע זין
באמת קעגן דיר האָבן געזינדיקט.
פאַראַכטונג צו דער פאָטערליכער גזע
און ביטול צו דער קעניגליכער מאַכט
באַשטעטיקן די עדות און באַווייזן.
מען קאָן אָבער נישט משפטן צו הארב,
ווען ס׳פעלן די באַשולדיקטע ביים משפט.
און, אויב דעם פאָטערס ווילן איז געווען
צו האַלטן די פאַברעכער פון דערווייטן,
דאַן זאָל דער פאָטער עפענען זיין האַרץ
און זיין פאַר זיינע זין אַ מליץ־יושר.



עס הענגט איצט אָפּ דער משפט אָן דיין וואָרט.
פאַרלאַנג נישט, קעניג, האַרב זיי צו באַשטראָפן.

הורדוס שטייט אויף

לעגאַטן, הויכע ראַטגעבער און פירשטן!
צו האָט איר ווען אין לעבן שוין געזען
אַ פאָטער, וואָס פאַראורטיילט זיינע קינדער?
אָט שטייט ער דאָ פאַר אייך. און נישט פון ווייט,
פון סקיטן־לאַנד, וואו מענטשן זענען חיות,
און נישט פון יענע אינזלען אויפן ים,
וואו מענטשן פרעסן אויף זייערע גלייכע
אַ קעניג פון יהודה איז דער פאָטער,
זיין נאָמען איז געאַכטעט אין דער וועלט.
נישט מיינט: זיין האַרץ מיט שטיינער איז געפלאַסטערט!
מיט רויטע וואונדן, יעדער זיפץ — אַ וואונד.
און דאָך, ער שטייט פאַר אייך, איר הויכע מענער,
און בעט ביי אייך אַ טויט אויף זיינע זין.
נקמה? ווי! אָן יונגע מענטשן־לעבנס?
און ווער! דער מאַן וואָס גייגט צו עלטער שוין?
מיין צאָרן וואָלט איך אויסגעלײַדן אַנדערש
און מילדער וואָלט איך שטראָפן מיינע זין.
איך זע אָבער נישט איין קיין אַנדער אויסוועג,
ווי נאָר זיי טויטן! שרעקט אייך נישט פאַר מיר.
מיין קאָפּ איז ביי די לויטערע געדאַנקען,
כאָטש איבערפולט מיט וואונדן איז מיין האַרץ.
איך גלייך איצט אויס אַ פעלער פון מיין לעבן,
איך מוז פאַררעכטן דאָס, וואָס קרום געמאַכט.
אויף אומגליק האָט זיך טאָג מיט נאַכט באַהאָפטן
און פייער האָט מיט וואַסער זיך צעמישט
און אַנטיפאטרס הויז — מיט חשמונאים!
דאָס הייליקסטע פאַרמעגן פון מיין האַרץ,
די מוטער פון די זין — פון מיינע פרינצן,
אַליין האָב איך פאַרטריבן פון דער וועלט.

צו קאָן דען אַנדערש זיין, ווען אנטיפאטער
באהעפט זיין בלוט מיט בלוט מון חשמונאים.
צו קען מיין הויז דען אויסמיידן דאס בייז,
וואס וואקסט פון צוויי זיך האסנדיקע בלוטן?
איך האב געגרייזט. פון חשמונים־טראכט
צוויי זין זענען געוואַקסן קעגן פאטער,
צוויי אויסגעשטרעקטע שפּיזן קעגן מיר.
מיין לעבן אין סכנה? ס׳איז נישט וויכטיק,
פחדנות איז נישט גורם מיין באַשלוס.
דאס ווערק פון לאַנד יהודה איז מיר טייער,
איר אלע זעט מיין אופּטו אין זיין גרויס!

## סאַטורנינוס

צו ווילסטו, קעניג, פאדערן באמת
אַ טוט אויף דיינע זין?

## הורדוס

אָ, סאַטורנינוס!
איז רעכט ביי דיר, ס׳זאל אונטערגיין מיין ווערק
אין אייביקער, צוויי בלוטיקער מחלקות?
אַן ענטפער דארף איך געבן פאר מיין גאָט
און גאָט באפעלט מיר אויסגלייכן דעם פעלער.
איך בעט ביי אייך אַ טויט אויף מיינע זין.
איך ווייס אז עס איז פורכטיק דער נצחון
פון קעניג איבער פאָטער און נאטור.
איך גיי אבער אָן ציטער צום נצחון
און שטעך אליין דאס מעסער אין מיין וואונד
אזוי באפעלט מיר גאָט. אט איז דער בעקן,
אַ ליידיקן דערהויב איך אים פאַר אויך,
איך דעק אים איבער מיט אַ שוואַרצן דעק־טוך
און גיי צו יעדן בעטלען זיין באַשלום —
אַ שוואַרצן ביין, דעם טויט פאַר מיינע קינדער:



דו, סאַטורנינוס, עלטערער ביים טיש,
ביי דיר דעם ערשטן בעט איך די נדבה.

## סאַטורנינוס

ווי קאָן איך טון אין קריג צו מיין געוויסן?
אליין בין איך אַ פאָטער און איך ווייס
דיין האַרצנס ווייטאָק, אומגליקליכער קעניג!
איך נויג מיין אויער נישט צו דיינע רייד,
נאר צו דיין האַרץ און ווארף אַ ביין אַ ווייסן.

## הורדוס

איך דאַנק דיר פאַר דיין איידלקייט, לעגאַט!
דאָך, שטילנדיק מיין וויי, דו רייצט אים שטאַרקער.
מיין האַרץ האט שוין פאראורטיילט מיינע זין.
וואלומניאוס! צו דיר איך שטרעק דעם בעקן.

## וואָלומניאוס

שוין יאָרן לאַנג באַוואונדער איך דיין ווערק.
ביזט גרויס, מיין קעניג־פרינץ, אין דיין רעגירן.
און מלכותדיק און שטאַרק איז דיין באַשלוס.
און, האסטו מוט, צו שטראפן דיינע קינדער,
דאַן בין איך דער, וואס מאכט נישט ווייך דיין הארץ.
טו דאָס, וואס דיר אליין וועט וואוילגעפעלן.

## הורדוס

אַן אַלטער פריינט האָט אָבגעשאַצט מיין מוט.
איך ווענד מיך איצט צו דיר, אָ, ניקאָלאַוס!
און זאָל דיין האַנט, וואס וואַרפט אַריין דעם ביין
זיין שטרענג, ווי יעדע בלאַט פון דיין געשיכטע.

## ניקאָלאוס

געשיכטע ווייס נישט פון קיין מיטלייד, האַר!
נאר דער, וואס מאַכט געשיכטע דאַרף פאַרמיידן

די בריקן צו פֿאַרברענען הינטער זיך.
איך וואַרף דעם ביין, ווי ס׳הייסט מיר מיין געוויסן.

הורדוס

איר אַלע פירשטן, ריכטער, הויכע לייט!
איך בעט ביי אייך אַ משפט און רחמנות!

זאַמלט אויף אין בעקן די געוואָרפענע ביינער. וויל צײלן.

סאַטורנינוס

שטיי, קעניג, הורדוס! צי נישט דאָס געוואַנט!
דו האָסט נאָך צייט דעם אורטייל צו פֿאַרמיידן,
כל־זמן די שטימען בלייבן נישט געציילט!

הורדוס

ווער זאָגט עס, אז איך וויל דאָס בייז פֿאַרמיידן?
איך צייל! איך צייל! ווי, ווייסע אזוי פיל!
פון בעקן קוקט ארויס אויף מיר די אומשולד!
ניין! שוואַרצע אויך. פאַרהאַן נאָך, דאַנקען גאָט,
ביי ריכטער מוט און מענערישע הערצער!
מיר שווינדלט פֿאַר די אויגן! שופטים, זעט!
דער קעניג זיגט! מיט גאַנצע דריי מער שוואַרצע!
נאַט! ציילט אליין! פֿאַרצייכנט און פֿאַרשרייבט!
אַ האַרבע שטראָף! מיט גאַנצע דריי מער שוואַרצע!

סאַטורנינוס (נעמט איבער דעם בעקן)

געשען! דריי ביינער שוואַרצע זענען מער.
עס שטימט אין צאָל. פֿאַרשרייבט דעם אויסגאַנג ריכטער!
אָ, הורדוס, אַן רחמנות איז דיין גאָט,
וואָס פֿאָדערט אויף צו מענשליכע קרבנות.

הורדוס

פסק־דין! פסק־דין! דערלאַנגט מיר דעם פסק־דין!



סאַטורנינוס

מען שרייבט אים שוין, דו קאָנסט אים באַלד באַקומען.
באַדענק דיך, קעניג הורדוס, אין דיין טאַט!
מיר דאַרפן דאָ נישט בלייבן, מיינע ריכטער.
שוין אַלט בין איך און זע צום ערשטן מאָל
אַ פֿאָטערס פרייה צום טויט פון זיינע קינדער.

גייט צום ארויסגאַנג.

פּעדאַניאוס צו סאַטורנינוסן

שוין בעסער זיין אַ חזיר אין זיין שטאַל,
ווי זיין אַ זון צום קעניג פון יהודה.

אָפּ.

הורדוס

פסק־דין! פסק־דין! דערלאַנגט מיר דעם פסק־דין!

ניקאָלאוס

הער אויס, מיין קעניג! ווייס אַז די געשיכטע
קערט קיין מאָל נישט צוריק. און, וואָס געשען,
פֿאַרבלייבט פֿאַרזיגלט. פיר נישט אויס דעם אורטייל!
דו קאָנסט אַמאָל חרטה האָבן, האַר!
און ס׳וועט צו שפּעט זיין.

אָפּ.

הורדוס

יאָ, ס׳קאָן זיין צו שפּעט!
אַ פֿאָטערס האַרץ קאָן אויפשפּילן זיין ניגון
און לאָזן די פֿאַברעכער אומבאַשטראָפט.
מיין הויפמאַן! זע! דער אורטייל איז פֿאַרזיגלט!
אין וועג ווערסטו אים איבערלעזן. אייל!
סעבאַסטאַ? יאָ! מיט מרים חשמונאית
אין יענער שטאָט מיין חתונה געשפּילט.

סעבּבּסטאַס ערד! פאַרשלינג די פרוכט פון זיווג!
מיין שוועסטער שלומית! קוקסט אויף מיר מיט שרעק?
דו מיינסט אַז הורדוס איז אַראָפּ פון זינען?
ניין, שוועסטער, ניין! אויף דיר בין איך נישט בייז
אַליין ביזטו אַ קרבן פון דיין ליבע.
מיט ליבע בין איך אויך געווען געשטראָפט.
איך בין דיר מוחל אַלץ... ער גייט שוין ווידער!
די בלאַנקע שווערד דערהויבן אין זיין האַנט!
פאַרדעק די שווערד, אָ, בייזער אַלעקסאַנדער!
אַ חרפה! קעגן פאָטער מיט אַ שווערד!
פאַרדעק די שווערד!

קומט אריין אנטיפאטר.

## שלומית

אָ, ברודער, זיי באַרואיקט.
אין קייטן דיינע זין זענען געשמיט.

## הורדוס

געשמיט אין קייטן, יאָ, געשמיט אין קייטן!
כ'האָב נאָר אַליין פאַר זיך געמאַכט אַ שפּאַס.
פאר וועמען זאָל איך אויסזינגען מיין ווייטאָק?
אין קייטן זיצן, הורדוס, דיינע זין!
און דאָ אין ערפורכט שטייט פאַר מיר געבויגן
מיין שטילסטער זון, מיין פיל־געפּלאָגטער זון,
מיין יורש און מיין אָנלען אַנטיפּאַטער.
נישט גוט, מיין זון, צו קומען אויף דעם אָרט
און פ־ייען זיך צום טויט פון דיינע ברידער!

## אנטיפאטר קניט.

ניין, פאטער־קעניג, ווייט בין איך פון פרייד!
געבראָכן איז מיין האַרץ אויף זייער גורל.
ווען שלעכטע ברידער — ברידער בלייבן דאָך.



כ'בין אַלע מאָל פאַר זיי דער מליץ־יושר.
איך בעט אויך איצט: באַשטראָף זיי נישט צו האַרב!

## הורדוס

דיין האַרץ איז גוט און דאָס, מיין זון, איז פריידיק,
און דאָס מאַכט אויך מיך אומרואיק, מיין זון!
געפּאַנצערט זיי אין מוטיקייט, מיין יורש,
און קאָן אַ וואונד פאַרטראָגן, גלייך, ווי איך.

## אנטיפאטר

דאַן זאָל געשען, ווי דו באַווילינגסט, קעניג!

## הורדוס

נישט גוט, מיין זון! נישט גוט האָסטו געזאָגט!
מיין האַרץ האָב איך פאַרשלאָסן פאַר רחמנות
צו מרחם זין. דאָך טוט מיר וויי מיין האַרץ,
ווען כ'זע צו זיי קיין מיטלייד פון אַ צווייטן.

## שלומית פאלט אויף די קני.

אַ האָב רחמנות! טויט נישט דיינע זין!

## אנטיפאטר פאלט ווידער אויף די קני.

נישט רייס די שענסטע בלומען פון דיין גאָרטן!

## הורדוס

אַזוי? האָט זיך דאָס מיטלייד גאָר צעשפּילט?
אַוועק פון מיר, איר הונגעריקע חיות
וואָס לעבן פון מיין בלוט! דו ביזט אַ שלאַנג,
מיין שוועסטער שלומית! דו, מיין שטילער יורש
אַ חיה גאָר פון פרעמדע ווילדע וועלדער!
איך קאָן דיך נישט! דיין נאָמען איז מיר פרעמד!

אַוועק פון מיינע אויגן! גיט אַ לויב
צו גאָט, וואָס העלפט מיר איינהאַלטן מיין צאָרן!"

*אנטיפאטר, שלומית שנעל אָפּ. ביים טיש פון משפט באַווייזט זיך מרימס געשטאַלט.*

דו גייסט מיך משפטן? ביי דיר נאָך בעטן רחמים?
דו ווייסט דאָך וואויל דעם תהום פון מיינע לייד.
איך שיק צו דיר די פרינצן דיינע, מרים.
פאַר אייך איז בעסער יענע וועלט. און איך,
אדומי הורדוס, לעב פון עולם־הזה.
אַמאָל האָסטו געבענשט מיין שווערן וועג.
איך גיי אויף אים און זע, ער ווערט נישט לייכטער.
דו גייסט אַוועק? פאַרוואָס ביזטו אַוועק?
די טויטע זענען שטום. די טויטע שווייגן.

### טריפאָן *מיט ראַזיר־געצייג.*

אָט ביזטו דאָך, מיין קעניג, און איך זוך,
איך זוך דיך אום אין פּאַלאַץ, וואו אַ ווינקל.
דו האָסט שוין מער קיין אויסרייד נישט מיין האַר!
דו קאָנסט שוין מיט דיין אויסזען זיך פאַרנעמען.
ווי זעסטו אויס! אין שפיגל קוק אַריין!
צו פּאַסט עס פאַר דער שעה פון דיין נצחון?
באַדאַרף אַזוי דען אויסזע יענער פּאָטער,
וואָס האָט דאָס גליק צוטויטן זיינע זין?
מען זאָגט, אַז מיט דיין פלאַמענדיקע דרשה
האָסטו אַ שטיין ביים בית־דין טיש גערירט.
אַז וואויל צו דיר! אַז וואויל איז צו דיין לשון!

### הורדוס

אַוועק! אַוועק! וואס טוסטו, קנעכט?

### טריפאי

איך שלייף
איך שלייף דאס מעסער פאַר מיין קעניגס־וועגן.



### דורדוס

וועסט איינשניידן! ביזט שיכור!

### טריפאָן

אָבער ניין!
כ'בין שיכור נאר פאַר פרייד פון דיין נצחון.
אַזעלכע בוימער אָפּצוהאַקן, האַר!
אָ, קום, ראַזיר דיך אָפּ לכבוד יזם־טוב!
אָ, קום, איך וועל דיר איינזייפן די באָרד
מיט פיינעם זאַלב, דאָס מעסער זאָל ניט וויי טון.

### הורדוס *טרעט אָפּ*

איך וויל נישט! ניין! דאָס מעסער נעם אַוועק!

### טריפאז *אנגרייפנדיק*

כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! אַ ריז האָט זיך דערשראָקן!
וואס מיינסטו, אַלעקסאַנדער מיט דער שווערד
וועט קומען דיר צו הילף קעגן טריפאָנען;
אַהער קום, הורדוס! שטיי און הער מיך אויס!
צו ווייסטו האַר, וואָס ווערט געטון צום פּאָטער
וואָס האָט געבראַכט דעם טויט אויף זיינע זין?
זיי דו דער שופט, איך וועל זיין דער תליון,
די אָנקלאָגער — די שטיינער פון די ווענט.
אַ האַרבע שטראָף! און גיך! און אָן רחמנות!

### הורדוס

זע, קוק, טריפאָן, ווער שטייט עס הינטער דיר?

*טריפאָן ווענט זיך אָפּ. הורדוס זעצט אים מיטן פויסט אי־בערן קאָפּ. טריפאָן פאַלט. הורדוס אנטלויפט און באַהאַלט זיך הינטערן ריכטער־טיש. פויזע. טריפאָן קומט צו זיך. הויבט זיך אויף ו אַזויבט. דערזעט זיין האַנט אין בלוט. ער האָט זיך צעשניטן פאַלנדיק.*

## טריפאָן

וואו איז ער, הורדוס? וואָס האָב איך געטאָן?
דאָס מעסער? בלוט? געשאָכטן אים? געשאָכטן?
אוי, מענשן, זעט! טריפאָן האָט עס געטון!
טריפאָן אַליין האָט אומגעבראַכט דעם מערדער!
אוי, מענשן! מענשן! בינט מיך מיט אַ שטריק!

לויפט אַרויס שרייענדיק. פון דער צווייטער זייט קומען אריין דאָריס און אַנטיפּאַטער.

## דאָריס קוקט זיך אום.

פאַרשפּעטיקט שוין. אַוועק איז ער, דיין פאָטער!
נישט גוט, מיין זון, נישט גוט האָסטו געטון.
האָסט נאָך אַמאָל באַדאַרפט פאַר אים זיך בויגן
און רחמים בעטן, פאַלן צו די פיס,
דאָס לעבן זאָל ער שענקען דיינע ברידער.
ער האָט געצאָרנט – שטייט מען אויס זיין כעס.
אַ פאָטער לעבט נישט אייביק, נאָר דאָס פאָלק
וועט קיין מאָל דיר נישט מוחל זיין דיין שווייגן.

## אַנטיפּאַטער

איך קאָן שוין מער נישט, מוטער מיינע, ניין,
צו שטיין אונטער אַ מאַסקע אויף קאָטורנען!
געווען בין איך פאַר זיי אַ מליץ־יושר
און אין געהיים זיי צוגעגרייט דעם טויט.
אַ מענש באַדאַרף נישט ערליך זיין צום צווייטן,
נאָר ערליך זיין צו זיך, ווען ס'קומט די צייט.
געמיינט האָב איך די צייט איז שוין געקומען
און נישט געקאָנט פאַרבויגן מיינע קני.

## דאָריס

די ערגסטע דיינע שונאים ביזטו פּטור.



די ליידן דיינע גייען שוין צום סוף,
נישטאָ שוין מער אין הויז קיין חשמונאים
און אדומס בלוט וועט ירשנען די קרוין.

## אַנטיפּאַטער

נאָך נישט, נאָך נישט קיין סוף צו מיינע ליידן.
צוויי קעפּ האָט מען אַראָפּגעהאַקט דערווייל
און ס'וואַקסן אונטער פרישע ביי דער הידרע!
דאָס הויז איז פול מיט ווייבער און מיט זין –
דעם קעניגס־יורשים. ניין, איך בין נישט זיכער,
כּל־זמן איך האַלט נישט צו מיטביידע הענט
די קרוין, ווען זי וועט זיצן אויף מיין שטערן.
וואָס וויל ער דען, דער אַלטער? מוטער, זעה!
ער וויל זיך אין דער אייביקייט פאַרלעבן,
ער מאַכט זיך יונג און פאַרבט זיך זיינע האָר
ווען איך – איך בין שוין גראָ און אַלט געוואָרן.
ווען, ווען וועל איך שוין אָנמעסטן די קרוין
און ווען וועל איך שוין צייט האָבן רעגירן?
עס רינען מיינע יאָרן ווי דער ווין
פון אָנגעפּלאַצטן לאָגל. און דער קעניג –
ער וויל נאָך גאָרנישט טראַכטן וועגן טויט.
צו וואַרט ער, אַז דער זון זאָל אים דערמאָנען?
נישט לאַנג וועט ער שוין וואַרטן.

## דאָרוס

די ווענט וועלן דערהערן!
שטילער, זון:

## הורדוס שטייגט אויף.

און דער פאָטער!
ס'איז וואָר, מיין זון פון אדומען, צו לאַנג,
צו לאַנג האָב איך פאַרלעבט זיך און יהודה.
שטרעק אויס די האַנט און נעם אַראָפּ די קרוין.

איך וועל דיר העלפן, זיי אָבער געדולדיק,
איך גלייך נאר אויס מייז חשבון פאַרן טויט.

*לויפן אריין דינער*

### 1־טער דינער

דער קעניג! מען האט אומגעבראַכט דעם קעניג!...
ער לעבט?!

### הורדוס

וואס איז? און אויב ער לעבט שוין נישט,
דאַן שטייט פאַר אייך זיין יורש אַנטיפּאַטר
באַוואַכט אים גוט! אים קומט אַן ערנוואַך.
ער וויל אַנטלויפן פון דער קרוין, דער עניו!
וואס איז געשען?

### 2־טער דינער

אַן אומגליק און אַ נס!
פון פּאַלאַץ איז געלאפן דער באַרבירער,
דאס מעסער דאס פאַרבלוטיקטע אין האַנט,
געשריען: איך האב אומגעבראכט דעם קעניג!

### הורדוס

און איר?

### 2־טער דינער

אים האט פאַרשטיינערט דער המון.
ער גוססט נעבן פּאַלאַץ.

### הורדוס

ברענגט אים גיכער!
איך וויל אים זען! איך מוז אים תיכף זען!

*דינער טראָגן אריין טריפאָנען. מען לייגט אים ביי הורדוסעס פיס. הורדוס זעצט זיך אויף דרערד, נעמט אַרום דעם קאָפּ פון דעם גוסס און ווישט אָפּ דאָס בלוט מיט דער האַנט.*



מיין טייערער טריפאָן! באַרבירער מיינער!
באַשערט איז מיר צו בלייבן נישט ראַזירט.
וועסט אָנקומען צו זיי, דאַן זאָלסטו זאָגן:
דער פּאָטער קעניג בעט פאַר זיך אַן אָרט,
יהודהס ערד — זי וויל אים מער נישט טראָגן.
און דו, מיין זון, מיין טרייער אַנטיפּאַטר,
האַלט איין די צונג און זאָג נישט קיינעם אויס.
מיר האָבן ביידע אָפּגעטאָן אַ שפּיצל,
איך ווייס אָבער נישט ווער מיט וועמענס הילף.
אַ שפּיצל — אוי! אַ חרפה צו פאַרציילן.
אַ נס — דו שלאָפסט, טריפאָן. דו וואָלסט געלאַכט.
זאָל שטילער זיין. דערוועקט נישט מיין באַרבירער.
מיין הויקער שלאָפט. און מיין געוויסן שלאָפט.
דער מלך שטראָפט. און גאָט אין הימל שטראָפט.

פאָרהאַנג.

---

# פינפטער אקט

טעראַסע אויפן דאַך פון פּאַלאַץ. אין שקיעה־ליכט זעט זיך די ריזיקע קאָנסטרוקציע פון הורדוסעס בית־המקדש. אַ ווייטער לווים־געזאַנג. קומען אַרויס וואַרוס און ניקאָלאַוס.

## וואַרוס

פון פּאַלאַץ אויפן דאַך, אָ, ניקאָלאַוס,
איז ווי פון קבר ווידער אויף דער וועלט.
דעם קעניגס הויז פאַרזינקט אין וויסטן אומעט.
און וויסטן אומעט. יאָ.

## ניקאָלאַוס

אַלץ גייט צום סוף.
אָ, שווער איז, וואַרוס מעכטיקער, צו זען
דעם טרויעריקן שלוס פון דער טראַגעדיע!

## וו

דעם טרויעריקן שלוס. כ׳האָב נישט דערקאָנט,
דעם קעניג ניט דערקאָנט, ער איז פאַרענדערט.
געווען אַ פעלז — און איצט איז ער צעשטויבט.

## ניקאָלאַוס

אין וואוין אין הויז — און איך דערקאָן אים אויך נישט.
אַליין בין איך זיך פרעמד געוואָרן, וואַרוס!



איך קוק מיר אָן אין שפּיגל און איך פרעג:
ווער ביזטו, אַלטער וואָרים פון געשיכטע,
און וואָס האָסטו אַ לעבן לאַנג געטון?
פאַר וועמעס וועגן טייכן טינט פאַרגאָסן?
קוק אָן: צו האָט דען העלדישקייט אַ זין?
און זע: צו מאַכט אַ גיבור די געשיכטע?
געשען אַמאָל: עס רינגלען מיך אַרום
דעם קעניגס קנעכט און הויבן אָן פאַרציילן
רכילותן אויף איינעם פון די פּרינצן,
וואָס האָט נאָך דאַן געלעבט. אָ, נעם פאַרשרייב,
פאַרשרייב אין דיין געשיכטע ניקאָלאַוס,
ווי אַלעקסאַנדער זינדיקט מיט די סריסים!
די וועלט וועט דיר אַדאַנק זאָגן דערפאַר!
אַוועקט, איר פּראַים! הייסט עס דען געשיכטע?
און שרייבט מען דען געמיינקייט אויף דער שפּראַך,
אויף וועלכער איליאַדאַ איז געשריבן?
דו מאָגסט שוין שטאַרבן, אַלטער ניקאָלאַוס,
אויב די געשיכטע ווערט אַזוי געמאַכט!
די קנעכט האָב איך געטריבן ווי די חיות
און זיי זענען געלאָפן און געלאַכט.
געלאַכט פון מיר: זיי ויסן ניקאָלאַוס,
אַז די געשיכטע ווערט אַזוי געמאַכט!

## וואַרוס

אַז די געשיכטע ווערט געמאַכט... פון חיות.
די העלדישקייט פאַרלאָרן האָט איר זין.
דאָך, לאַנג וועט מען געדענקען קעניג הורדוס,
וואָס האָט באַפוילן טויטן זיינע זין!
איך זע אָבער, זיין יורש אַנטיפּאַטער
איז נאָר פאַרמשפּט, אָבער נישט געטויט.
נאָך נישט געטויט.

## ניקאָלאַוס

זיין טויט איז אין די דערוואַרטונג.

דער קעניג האַלט זיך אָן ביים לעבנס־זוים
דורך דעם נאָר, וואָס ער האָט אַ ציל אויף מאָרגן–
די שרעקליכסטע נקמה אָן זיין בכור.
דאָס איז דער אייל צום דאַרן קנויט פון לעבן
פאַרברויכט ער אים – דאַן לעשט זיך אויס די קנויט.
ער ווייס דעם סוף און לייגט אים אָפּ אויף שפּעטער,
און לאָזט נישט פון דער אויסגעדאַרטער האַנט
אַרויס דעם פּאַרמעט מיטן קיסרס צושריפט,
אַז רוים אַליין באַוויליגט אויף דער שטראָף.

## וואַרוס

אַז רוים באַוויליגט, יאָ. געזען דעם פּאַרמעט,
ער וויקלט אויף און וויקלט אים צעריק,
און ס'ציטערן אין אומרו זיינע פינגער.
זיין סוף איז נאָנט. דאָך הערליך איז און גרויס
דאָס ווערק זיינע. קוק אָן, אָ, ניקאָלאוס.
דאָס הויז צו גאָט, וואָס הורדוס האָט געבויט!
וואָס מער איך קוק, אַלץ בלייב איך מער פאַרוואונדערט!

## ניקאָלאוס

וואָס וואונדערט דיך. אָ, וואַרוס?

## וואַרוס

וואָס מיך וואונדערט?
וואָס רוים איז בלינד אויף הורדוסעס פּאַרנעם
פאַר אונז איז דער פּאַרנעם, ווי אָנגעמאָסטן:
איין שטאָט איז דאָ, וואָס הערשט איבער דער וועלט–
איין גאָט זאָל זיין, וואָס אין דער שטאָט זאָל הערשן.
אַלמעכטיקייט זאָל שטראָמען פון איין קוואַל.
און רוים זאָל זיין ירושלימס יורש.

## ניקאָלאוס

אָ, וואַרוס, דו ביזט אייליק אין באַשלוס!
און וואָס וועט זיין מיט אַלע אַלטע געטער?



## וואַרוס

און וואָס וועט זיין מיט אַלע אַלטע געטער?
מיט געטער איז אַזוי ווי מיט דער קרוין:
מען האַקט די קעפּ פון שוואַכע פּרעטענדענטן.
האָט הורדוס נישט דאָס אייגענע געטון?
ער גייט אַהער, ער גייט דער קראַנקער קעניג.
מען דאַרף דעם שמועס אָפּלייגן אויף שפּעטער.
וואָס געטער קאָנען מאַכן פון אַ העלד!

## ניקאָלאוס

עס מאַכט אַ העלד דאָס אייגענע פון געטער.
און, גלויב, זיי פירן ביידע נישט די וועלט!

הורדוס קומט ארויס, אָנגעלענט מיט די הענט אן די אקס-
לען פון צוויי יונגע קינדער. אין דער רעכטע האנט אַ
פארוויקלטער פּאַרמעט אים גייען נאָך שלומית און הויפל טיי

## הורדוס

אַז קיינער הערט שוין נישט דעם קעניגס רוף,
אַז קיינער פאָלגט שוין נישט מיין שוואַכן ווילן.
אַליין, אָן הילף, אַ יתום אויף דער וועלט.

## שלומית גייט אים נאָך מיט א טאץ פרוכטן.

פּאַרלאַנג, מיין ברודער! אַלץ וועט מען דערפילן
כהרף עין. הייליק איז דיין וואָרט!

## הורדוס

געבעטן זיך: ריכט אָפּ פאַר מיר אַ תפילה.
איך גיי דאָך אויס. איך צאַנק דאָך, ווי אַ ליכט!

## שלומית

צו הערסטו נישט, מיין ברודער, די געזאַנגען?
דאָס זינגען די לויים אין גאָטס הויז,
זיי בעטן גאָט פאַר דיין געזונט און לעבן.
דאָרט שעכט מען אויך קרבנות אָן אַ שיאור

### הורדוס

קרבנות? יאָ. ניט זשאַלעוועט קיין אָקסן
און זעטיגט אים מיט פייער און מיט בלוט!
פאַרטויבט איז שוין מיין גוף פון די יסורים,
באַרוישט פון דעם געדרודער איז מיין האַרץ.
איך הער נישט ניין! איך הער נישט די לוויים!
דאָס זינגען זיי בכיוון אַזוי שטיל,
צו גאָט זאָל נישט דערגיין קיין קלאַנג פון תפילה!
מיט בייטשן שטעלן אויפזעהער אויף זיי,
און, ווער עס וועט ניט זינגען – זאָל מען שמייסן!
צום הימל זאָל דערלאַנגען דאָס געשריי!
וואַרט, קינדער, וואַרט! אָט דאָ וועל איך זיך זעצן,
דעם אָטעם כאַפּן. כ'האָב עס נישט געוואוסט,
כ'האָב קיין מאָל נישט געוואוסט, ווי עס איז טייער
און אויסגעציילט דער אָטעם אויף דער וועלט.
אַז אָטעם קאָן פאַרפעלן פאַרן קעניג,
ווען יעדער שרץ עטעמט פראַנק און פריי.
מיט בייטשן זאָל מען שטאַרקען זייער תפילה
און עפענען אַן אָטעם פאַר מיין ברוסט!

*פּאַראָקסיזם. שלומית וויינט שטיל. קנעכט פאָכן איבערן קעניג מיט שטרויס־פעדערן. הורדוס קומט צו זיך.*

יאָ. וואַרוס. ניקאָלאוס, מיינע פריינט!
איצט קוקט איר אָן אַ לעבעדיקן שאַרבן.
איר זאָגט: די צייט? צו בין איך אַזוי אַלט?
די קרענק וואָלט אויך אַזוי מיך נישט געבראָכן.
מיין טרויער און חרטה. ביידע זין,
צוויי יונגע בוימער פון דער וועלט פאַרשניטן,
די טאַטעס פון די קינדער, וואָס איר זעט.
אוי, קינדערלעך, יתומימלאַך, איר מיינע!
די צייט האָט פאַר אַ תליון מיך געמאַכט,
אַ גזירה האָט געטריבט אייערע פאָטערס!



איצט ברומט אין מיר די שטים פון דער נאַטור.
ווער זאָגט עס אַז די חיה איז אַ בייזע?
צו אייגן בלוט איז אויך די חיה גוט!
דער תליון צו די זין איז אייך אַ זיידע,
אַ טרייער זיידע. שנייט אים אויף דאס האַרץ,
פאַר אייך איז דאָרט די צערטליכקייט פאַרזאַמלט...
איר, וואַרוס, ניקאָלאַוס, מיינע פריינט,
נישט לאַנג וועל איך שוין אָנציען, איר זעט דאָך.
צו אייך איז מיין בקשה און מיין רוף
די דאָזיקע יתומימלאך צו שיצן.
אין מיין צוואה האב איך זיי פאַרזאָגט...

### וואַרוס

די האָפענונג פאַרליר נישט, קעניג הורדוס!
ביזט נישט קיין זקן. קאנסט נאך זיין געזונט.
מיר ווייסן: די נאַטור קאן ווייזן וואונדער.

### הורדוס

דו גלויבסט שוין אויך אין נסים, זון פון רוים?
און איך האב שוין די האפענונג פאַרלארן.
צו פעסט האט זיך באַהעפט אָן מיר דער צער,
צו טיף האט זיך דער טויט אין מיר פאַרקליבן.

### שלומית

דו דאַרפסט נישט וויינען, ברודער קעניג, זע!
פאַר דיר איז יעדע אויפרעגונג געפערליך
די קינדער – זע, זיי וויינען, אויף דיין ברוסט,
דו דאַרפסט זיי נישט מצער זיין, מיין קעניג!

### הורדוס

דו ביזט גערעכט, מיין שוועסטער, ביזט גערעכט.
מיין האנט האט זיי דאך אויך געקאנט פאַרניכטן
אין ווילדן צאָרן, קוקט, אָ, מיינע פריינט!

די האַנט, ווי שוואַך, און וויפיל בלוט פארגאסן!
גייט, קינדערלאך, צוריק אין אייער צימער.
מיין זאָרג און מיין השגחה איז מיט אייך!

ער האלזט זיי און לאָזט זיי אָפּ. דינער פירן אָפּ די קינ־
דער צוריק שלומית קניט פאַר הורדוסן ביט טאָקסרוכס.

## שלומית

מיין ברודער־קעניג! ס׳גייט מיר אויס דאס האַרץ
ביים אָנקוקן דעם חורבן פון דיין שוואַכקייט.
צו ווילסטו דיך פאַרפייניקן צום טויט
דורך טעגליכע תעניתים? פון פרימארגן
האסטו נאָך היינט דעם גומען נישט באַנעצט.

## הורדוס

ווייל נאַכט איז שוין אין גוף ביי מיר, מיין שוועסטער.
דער מאָגן וויל נישט אויסנעמען קיין שפּייז
און סם זענען פאַר מיר יהודה׳ס פרות.
די ערד, וואס האט פאַרשאָטן מיינע זין.
פאַרשאָלטן האט פאַר הורדוסן די זאַפטן.

## שלומיר

דאס זענען פרות פון אַ ווייטן לאַנד,
די עפּל וואַקסן הינטער זיבן ימים.
נעם ברודער־קעניג און דערקוויק דיין האַרץ.

## הורדוס

האָט נאכגעלאָזט דער ווייטאָק, וועל איך פּרווון.
אַ מעסער גיב, צום אויפשניידן. עס טרעפט,
וואָס אויבן גלאנצט, איז דורכגעפוילט אין מיטן.
געניסט איר אויך פון פירות, מיינע פריינט,
און לאָמיר שטיל פאַרברענגען אין אַ שמועס.
ווען ס׳לאָזן נאָך די ווייטאָקן אין לייב,
דאַן חלומט נאָך מיין האַרץ פון רו און פרידן.



ווי הלל זאָגט: אַ גאַסט און אויף אַ ווייל
איז מיין נשמה. שטעל איך זי צופרידן.
מיט מענער וואָלט מיר ליב געווען דער טויט.
ס׳איר רעכט אַזוי צו שטאַרבן ביי אַ מאָלצייט,
ווי אייערע חכמים פלעגן טון.
געניסט איר אויך פון פירות מיינע פריינט!
און, אפשר זאָל איך הייסן וויין דערלאַנגען?

הורדוס. וואַריס, ניקאָלאוס, שניידן די עפּל ביי אַ
קליינעם אימפּראָוויזירטן טיש.

## וואַרוס

מיר וועלן טרינקען וויין פאַר דיין געזונט,
נאר איצט איז נישט די צייט פאַר דעם, מיין קעניג.
זאל רואיק־ניכטער זיין אונזער געשפּרעך.

## הורדוס

גערעכט, גערעכט. איך האַלט ביי דער צואה.
און דו האסט, ניקאלאַוס אלץ געטון,
אזוי ווי כ׳האב געהייסן? מיין אכזריות
זאלסטו ניט שוינען. כ׳האב עס נישט פאַרדינט,
נאר שוינען פאַר דער וועלט זאלסטו מיין שוואכקייט.
און אויב ס׳איז מיר באַשערט אַ שלעכטער טויט,
זאלסטו די חרפּה פאַר דער וועלט פאַרגלעטן
מיר דוכט: קיין חוזק האב איך נישט פאַרדינט.

## וואַרוס

דיין לעבן איז אין העלדישטייט פארגאנגען,
די מעשים דיינע רעדן צו דיין לויב.

## הורדוס

נישט אלע מיינע מעשים, ליבער וואַרוס.

## וואַרוס

דאָך מוז דעם העלד פאַרגעבן ווערן פיל.

## ניקאָלאוס

אָט דאָ האָב איך דיין לעבנסוועג פאַרצייכנט,
באַוויליק מיך צו הערן און פאַררעכט.
וואָס דיר איז נישט צום האַרצן – וועסטו שטרייכן.

## הורדוס

ווי שטרייכט מען אויס דעם טויט פון מיינע זין!
און מרימס טויט און הונדערטער אכזריות!
מיין חשבון וואָלט אַ קלערערער געווען.
נו, לעז פאַר מיר דעם פנקס, לאָמיר הערן.

## ניקאָלאוס לעזט.

נאָך דעם, ווי ס'האָט אנטאניאוס אין רוים
דיר אָנגעטון די קרוין פון לאַנד יהודה,
פאַרלאָזט האָסטו איטאַליען, מיין האַר.

## הורדוס

אנטאניאוס... שוין לאַנג אַ שכן עפר...

## ניקאָלאוס לעזט.

אין גליל האָסטו אָפּגעקעמפט אַ צייט
צום אויסראָטן פון בערג־הייל̄ן די מורדים
און דאָרט באַוויזן גבורות אָן אַ צאָל.

## הורדוס

נו יאָ, אַ ברודער דאַן אין שלאַכט פאַרלאָרן...

## ניקאָלאוס לעזט.

און ענדליך ביזטו צוגעטראָטן דאַן
די שטאָט ירושלים צו באַצווינגען.

## הורדוס

און ווידער האָט גערונען מענשליך בלוט...



לייג אָפּ דעם פנקס, ליבער ניקאָלאוס.
דו האסט דיין זאַך מיט פלייס געטון, איך וויים.
נאָר פרעמד איז מיר מיין אייגענע געשיכטע.
ווייזט אויס: איך בין שוין צייטיק פאַרן טויט.
אָט ליגט פאַר אייך געעפנט מיין צוואה.
איך בעט אייך, קוקט זי איבער, מיינע פריינט
און לייגט אויף איר די קעניגליכע חתימה
און עדות זייט, אַז הורדוס האט פאַרצייכנט
זיין ווילן ביי אַ לויטרן פאַרשטאַנד

כאַפּט זיך.

ניין, נישט דער פאַרמעסט! דאס איז גאָר אַ צווייטער.
אָט איז זי, די צוואה. נעמט און לעזט.

ניקאָלאוס, ווארוס און שלומית לעזן די צוואה. שלומית לאָזט נישט אראָפּ קיין אויג פון הורדוסן. הורדוס הייבט זיך לאנגזאַם אויף מיטן עפל און מעסער, גייט אָפּ אן דער זייט.

## הורדוס

ביזט גרויס געווען און אַ צעריסן האַרץ –
אָט דאס איז די באַלוינונג פאַר דיין גרויסקייט.
ביזט שטאַרק געווען און פולנדיקער ווייטאָק –
אָט דאס איז דער סך־הכל פון דיין קראַפט.
האסט אַלץ געוואונצן און פאַרשפילט גליייכצייטיק.
וואס קלאַמערסטו דיך נאך, דו אַלטער נאַר,
אָן ווערעמדיקע שעהן פון דיין לעבן?
גוץ אויס מיט קראַפט דאס מעסער אין דיין האַנט!

ער אנטבלויזט האַסטיק די האַנט, טאַפּט אָן דעם דופק און שלאָגט זיך דאס מעסער אין אָדער אריין. אָבער שלומית האט פון דער ווייטן באַמערקט זיין באַוועגונג און לויפט צו מיט אַ געשריי. זי כאַפּט אים ביי דער האַנט, ווען ער וויל זיך דעם צווייטן אָדער דורכשלאָגן.

### שלומית

ניין! טו דאָס נישט, מיין ברודער! האָב רחמנות!

*וואַרוס. ניקאָלאַוס און די הויפּלייט לויפן צו הילף ראַנגלען זיך מיט הורדוסן, אַרויסצערייסן ביי אים דאָס מעסער. הורדוס פאַרוואונדעט זיך נאָך אַמאָל.*

### הורדוס

לאָזט! לאָזט מיך גיין! איך האַלט שוין אַזוי ווייט!
איך שטאַרב נישט, מיינע פריינט, ווי קיין פילאָסאָף,
צו לאַנג זיך דאָ פאַרזעסן נעבן טיש.
שוין לאַנג באַדאַרפט אַוועקגיין פון דער סעודה.
נישט וואַרטן ביז מיין זון וועט זיין צו הילף,
מיין ברוינער זון, דער פאַלשער אַנטיפּאַטר!

*וואַרוס איז הורדוסן גובר. זעצט אים אַוועק. ניקאָלאוס און שלומית רייסן זייערע קליידער און סינדן אים איבער די וואונדן. אַן אַלגעמיינער טומל און געוויין. אַ יאָמער אין גאַנצן פּאַלאַץ.*

### וואַרוס

דאָקטוירים! גיך! דער קעניג איז פאַרביי!

*הויפלייט לויפן אַרויס, שרייענדיק.*

### הויפלייט

דער קעניג איז פאַרביי! צו הילף דעם קעניג!

### איין הויפמאַן *אַריינגעלאָפן.*

דער קעניג איז פאַרביי? און וואָס וועט זיין?
ווי גיב איך זיך אַן עצה מיט די מורדים?

*ניקאָלאַוס און וואַרוס מאַכן אים צייכנס ער זאָל שווייגן. הורדוס מיט אַ פּלוצלונגער קראַפט, הויבט זיך אויף פון זיין אָרט.*



### הורדוס

האַ? מורדים קעגן וועמען? קעגן מיר?
פאַר מורדים וועט דער קעניג נישט אַנטלויפן,
געלאָפן איז ער נאָר פון זיינע פריינט,
זיי זאָלן זיין געפאַלנקייט נישט צוזען.
פאַרבינד מיר פעסט די וואונדן, ניקאָלאוס
מיין בלוט איז מיר נאָך נויטיק. הורדוס לעבט!
געוועזן און זאָג, פון וועלכע מורדים רעדסטו?

### הויפמאַן

די פערציק לומדים. אַלע יונגע לייט
פון מתתיה און פון יהודהס חדר.

### הורדוס

די לומדים גאָר אין מרידה געגן מיר?
און וועלכע איז די מרידה? אויב מיין כבוד
איז נאָר באַרירט, דאַן זאָג: איך בין זיי מוחל.
דעם כבוד לאָז איך איבער פאַר מיין זון.

### הויפמאַן

מיין האַר! די יונגע לייט האָבן צעשמעטערט
דעם אָדלער אויפן טויער פון גאָטס הויז!

### וואַרוס

צו שאַנד געמאַכט די רוימישע עמבלעמע?

### שלומית

זיי האָבן נאָר אַ געצן־בילד צעשטערט.
דו קאָנסט דאָך זיי, די הייליקע קנאים!

### הורדוס

פאַר וואָס האָט מען מיר פריער נישט געזאָגט?

### שלומית

אָ, ברודער, ווייל דיין לעבן איז מיר בילכער.
געפערליך איז די אויפרעגונג פאַר דיר.

### הורדוס

נאָך ווייניק האָט מיך גאָט געמאַכט צו חוזק,
באַדאַרפן לייט נאָך חוזקן פון מיר?
אַהער זיי ברענג! כוועל ווייזן אַז איך לעב נאָך!
אַי. גאָט האָסטו דיך אויסדערווײלט אַ פאָלק!
זיי לאָזן גאָר ניט שטאַרבן ווי געהעריק!

הויפמאַן — אָפּ.

### שלומית

וועסט זיין געזונט, וועסטו זיי דאַן באַשטראָפן.
מיין ברודער, זע! דו גייסט דאָך אָפּ מיט בלוט!

### הורדוס

פאַרבינט, פאַרבינט מיר שטייפער מיינע וואונדן!
געוואלט האב איך: גאָטס הויז זאָל אייביק שטיין,
געוואָלט האב איך, אַז רוים זאָל אים באַשיצן.
נאָר גאָט אַליין וויל בלייבן נע־ונד!
דאס פאָלק אַליין דערנענטערט זיין ירידה!
פאַרבינט מיר שטייפער! האַלט מיר איין דאט בלוט!
כ'האב נאָך נישט אַלץ פאַרענדיגט ביי מיין לעבן.

### 2־טער הויפמאַן לויפט אריין.

מיין קעניג, וויי! אַ נייע מרידה, קעניג!

### הורדוס

געהערט פון איר! די פערציק יונגע לייט.
וואו זיינען זיי? איך וואַרט אויף זייער קומען.

### 2־טער הויפמאַן

וואָס הער איך קעניג? וועלכע יונגע לייט?



איך קאָן נאָר איינעם. דאָס איז אַנטיפּאַטר.
דיין זון, מיין האַר! ער רעט אונז אַלע אָן
באַפרייען אים און העלפן ווערן קעניג!

### הורדוס

דו אויך? דו אויך? האָסט אָפּגעוואַרט דיין צייט
און לאָזט זיך הערן, יורש אַנטיפּאַטר?
האָסט פאַלש געשפילט! זיך צוגעאײלט מיין זון!
וואָס וויל ער דאָרט?

### 2־טער הויפמאַן

ער וויל אַרויס פון תפיסה,
ביים קראַנקן פאָטער אָפּרויבן די קרוין.

### הורדוס

ביי מיר די קרוין? אויף וואָס וועט ער זי אָנטון?
זיי, גאָט, מיין עדות, כ'האָב דאָס נישט געוואָלט,
אַליין געוואָלט זיך צואײלן צום קבר,
אַליין געוואָלט אַנטלויפן פון דער שאַנד,
מיין דריטן זון, מיין יורש צו באַגראָבן.
איז נישט באַשערט! פאַרברעכער, זיי באַשטראָפט!
אָט איז דער פאַרמעט! זאַם זיך נישט קיין רגע
און ברענג זיין קאָפּ, צום אָנמעסטן די קרוין!

ערשטער הויפמאַן פירט אויף אַ קייט די מורדים
מיט יהודה און מתתיה. צווייטער מיטן פאַרמעט
אין שרעק — אָפּ. די מורדים נייען זינגנדיק.
אַלע דערבייאיקע שטוינען.

### ערשטער הויפטמאַן

אָט שטייען זיי פאַר דיינע אויגן, קעניג.

### הורדוס

איר, אידן, איר! אַ פריילעכע חברותא!

וואס איז מיט אייך די שמחה אַזוי גרויס ?
צו פרייט אייך, וואס דער קעניג האט באַגראָבן
אַ דריטן זון, דעם יורש פון דער קרוין ?

### יהודה

דער רוימישער, דער אָדלער איז צעשטערט,
ווייל גאָט אליין וועט הערשן אין יהודה.
און אדום מיט זיין גזע גייט צו גרונט !

די מורדים זינגען.

### מתתיה

דו קאָנסט אונז נישט דערשרעקן מיט יסורים,
דו קאָנסט אונז נישט דערשרעקן מיטן טויט,
ווייל גרויס איז אונזער חלק עולם־הבא!

די מורדים זינגען.

### יהודה

איז לייכטער יענעם מאַן אין זיין געצעלט
די אימהדיקע שעה פון זיין גסיסה,
ווי אומקומען פאַר גאָט און פאַרן פאָלק ?

די מורדים זינגען.

### מתתיה

און קאָן דען זיין א גרעסערע די שמחה,
ווי צוזען, אַז יהודה ווערט באַפרייט
פון אדומס יאָך און רוימס עבודת־זרע ?

די מורדים זינגען.

### הורהוס

איך זע שוין, אז אייך שרעקט נישט אָפּ דער טויט.
מיך אויך נישט, אידן ! אבער דו אין הימל,
דו, גאָט, וועסט זיך פאַר הורדוסן דערשרעקן !
וועסט ווייגען, גאָט ! וועסט ווייגען, הער מיין וואָרט!



פאַר וואס האסטו מיר שלמהס וועג באוויזן
און ערגער מיך ווי איובן געשטראָפּט?
מיין גוף און גייסט באַלאדן מיט יסורים ?
פאַר דעם, וואָס איך האָב אויפגעבויט דיין לאַנד ?
פאר דעם, וואָס איך האָב אויפגעריכט דיין היכל ?
איז ליבער דיר די אומגליקליכע צייט,
די צייט, ווען אַנטיאָכוס—עפּיפאנעס
געשאָכטן האָט חזרים צו דיין שאַנד ?
פאר מיינע צייטן האָט מיין פריינט אַגריפּאַס,
אַ רוימער, הערסט ? אַ פרעמדער און אַ הייד
געשיקט צו דיין מזבח טויזנט אָקסן !
הערסט ? טויזנט אָקסן, הונגעריקער גאָט !
איז ווייניק דיר ? האָב איך מיין ווייב געשאָכטן.
האָסט נאָך געוואָלט ? — געשאָכטן מיינע זין.
געהאַלטן וואָרט, געוואָרפן דיר קרבנות.
אַ דריטן זון — כ׳האָב שעכטן נישט געוואלט,
כ׳האָב זיך געשעמט. צעשטערט האסטו מיין חרפה
און זע ! דער קרבן ליגט ביי דיינע פיס —
מיין עלסטער זון, מיין ברוינער אַנטיפּאַטר.
נעם, נעם, ! איך גיב נאָך מער, ווי דו פאַרלאַנגסט !
אויף טויזנט יאר דיין הונגער וועל איך שטילן !
דו ווילסט מיין בלוט ? נאַ, זע, אָט רינט מיין בלוט.

ער רייסט אראָפּ די פאַרבינדונג פון די וואונדן.

ביזט נאָך ניט זאַט. הער אויס מיין לעצטן צוזאג !
ביי דיר אין טעמפל — איך האָב אים געבויט
אוי דיין מזבח — איך האָב אים געהייליגט,
פארברענען זאל מען לעבעדיקער הייד
די פערציק דיינע פלייסיקע תלמידים !
וועסט ווייגען גאָט ! איך הער שוין דיין געוויין !
קום שוועסטער, זע, איך דאנק דיר פאַר דיין מעסער.
איך ביי אהין... איך פאָדער אין באַשווער...
אז נאך מיין טויט... און צו דער קבורה מיינער

פֿאַרברענען זיי... און לעבעדיקערהייד...
אויף זיין מזבח... זאָל יהודה וויינען...

פֿאַלט. פויזע. ניקאָלאַוס לאָזט לאַנגזאַם פֿאַלן צו דרערד די בלעטער פון זיין געשיכטע.

שלומית קניט איבער הורדוסעס גוף.

דער שטאַרקסטער מאַן אַוועק איז פון דער וועלט.
דורך מיר געליטן און דורך מיר געשטאָרבן.
געבראַכט האָב איך, אָ גאָט, פֿאַר דיין געצעלט
אויף מיינע הענט דעם שוועסטערליכן קרבן.
אויף דיין מזבח איז מיין האַס פֿאַרברענט
ער לעשט זיך אויס אין צאנקענדיקער וידוי.
שוין צופיל בלוט געזען האבן די ווענט.
גענוג אכזריות. גייט בשלום, אידן!

